דאָס זיינען אַלע אותיות פון אלף־בית

1 א ב ג ד ה ו ז ח

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פ ף

צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטיילונג 2,
געפין זיי אויבן אין דער אָפּטיילונג 1 און פאַרב זיי אויס.

2 ש ע ר ל

ש ע ר ל

ש

ש ש ש

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ש



שער



שיף



שיך

ע

ע ע ע

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ע



עפּל



עמער



עראָפּלאַן

ר

ר ר ר

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ר



ראָד



רויז



ראָק

ל

ל ל ל

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ל



לאָמפּ



לייב



ליכט

# ש ע ר ל

**ש** שער, שערל, שערעלע.

**ע** לערער, שער, לערער.

**ר** שער, שערער, שער.

שטעל אַריין א

| ש | ע | ר | ל |
|---|---|---|---|
| _ער | _ר | ע_ | שע_ |
| _ערער | ל_ש | _ע_על | רערע_ |
| לע_ | ל_ר_ר | _עשעל | רעשע_ |
| לע_ער | ל_ש_ר | _ע_עש | ש_רע_ |

שרייב אַריין אין די שורות די ווערטער פון אויבן

ש ע ר ל

מאַך אַ שטריך אונטער די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

מאָל, לערער, מיר אַ שערעלע.

אַ באַר, אַ מער, אַ בערעלע.

שער די האָר, שערער, מיט אַ שער

וועלן זיי ניט זיין קיין לאַנגע מער.

ריכטיק ☐

ניט ריכטיק ☐

מאַך אַ רינגעלע אַרום די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| פאָן | שאַל | רעדער | שערער | בערעלע | |
| ער | שול | לערער | קעמל | שערעלע | ריכטיק ☐ |
| מאַן | שער | מערער | בעסער | מערעלע | ניט ריכטיק ☐ |

שנייד אויס פון דיין יידישער צייטונג די אותיות וואָס זיינען דיר באַקאַנט און קלעפּ אריין אין די קעסטעלעך גאַנצע ווערטער.

דאָס זיינען אַלע אותיות פון אלף־בית

1 א ב ג ד ה ו ז ח

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פ ף

צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטיילונג 2,
געפינען זיי אויבן אין דער אָפּטיילונג 1 און פאַרב זיי אויס.

2 אַ מ ב ט

אַ מ ב ט

# אַ

אַ אַ אַ

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ אַ



אַרבעטער



אַקער



אַרבל

# ט

ט ט ט

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ט



טאָפּ



טיר



טיש

# ב

ב ב ב

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ב



באַר



בעט



בער

# מ

מ מ מ

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ מ



מערן



מויז



מיל

# ש ע ר ל אַ מ ב ט

**אַ** אַ בער, אַ באַר, אַ באַרעלע.
**מ** אַ מער, אַ מערל, אַ מערעלע.
**ב** אַ בער, אַ בערל, אַ בערעלע.
**ט** אַ בעט, אַ בעטל, אַ בעטעלע.
אַ ברעט, אַ ברעטל, אַ ברעטעלע.
אַרבעטער. ער אַרבעט.
מאַמע אַרבעט, טאַטע אַרבעט.

## שטעל אַריין אַ

| אַ | ט | ב | מ |
|---|---|---|---|
| מ_מע | בע_ | _עט | _א_ע |
| ט_טע | ברע_ | _אַר | _ערל |
| ב_ר | בלא_ | _ער | לע_עלע |
| _רבעט | אַרבע_ | _רעט | רע_עלע |

שנייד אויס פון דיין יידישער צייטונג די אותיות וואָס זיינען דיר באַקאַנט און קלעפּ אַריין אין די קעסטעלעך גאַנצע ווערטער.

| | | | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | | | |
| | | | | | | | | | |
| | | | | | | | | | |
| | | | | | | | | | |

מאַך אַ שטריך אונטער די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

אויפן בעט אַ שער,
אין וואַלד אַ בער,
אין שטוב אַ בעטל,
אויפן בוים אַ בלעטל.
דער מאַלער מאָלט אַ בילד,
דער טאַטע מאָלט א שילד.

ריכטיק ☐ ניט ריכטיק ☐

מאַך אַ רינגעלע אַרום די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| מעל | שול | ראַק | מאַלער | שוך | מאַמע |
| זאַק | שטול | זאַק | בוים | טיש | מיל |
| פיר | שטאַל | בער | בלאַט | טאַטע | בלום |

ריכטיק ☐ ניט ריכטיק ☐

שרייב אַריין אין די שורות די ווערטער פון אויבן

א ב ט ע

דאָס זיינען אַלע אותיות פון אַלף־בית

**1** א ב ג ד ה ו ז ח

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פ ף

צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטיילונג 2,
געפינען זיי אויבן אין דער אָפּטיילונג 1 און פאַרב זיי אויס.

**2** אָ פּ י

אָ פּ י

ווערטער וואָס לייענען זיך מיט אַ י אין מיטן

י

י י י



שליסל



שיסל



רינגל

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ פֿ

פֿ

פֿ פֿ פֿ



פֿיש



פֿיס



פֿאַס

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ אָ

א

אָ אָ אָ



אָדלער



אָקסן



אָרעם

דאָס איז דיין ביכל.
שרייב אין דיין ביכל.
מאָל אין דיין ביכל.
פֿאַרב אין דיין ביכל.
פֿאַרב אויס די בילדער אין עטלעכע קאָלירן.

ש ע ר ל אַ מ ב ט י פּ אָ

אָ אַ מאַלער מאָלט אַ טיש.
פּ ער מאָלט אַ פלאַש, אַ פיש.
י אַ טיש מיט טיפע טעלער.
אַ טיש מיט פיר לעפל.
אַ טיש מיט פיר פלעשער.
ער אַרבעט אַלע מאָל.

ער פירט אַ שיפל.
ער פאַרבט אַ טיר.
אָט מאַלט ער אַ מיל.
אַ שאָל מיט אַ לעפל.
פאָר, שיפל, פאָר.
פלי, שיפל, פלי.

שרייב אַריין אין די שורות די ווערטער פון אויבן

אָ י פ

## מאַך אַ שטריך אונטער די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

טעלער טיפֿע אויפֿן טיש,
טעלער פֿול מיט פֿרישע פֿיש.
פֿול מיט באַרן און מיט נים.
עסן קינדער ביס נאָך ביס,
עסט די מאַמע, עסט דער טאַטע
און עס זיינען אַלע זאַטע.

ריכטיק ☐
ניט ריכטיק ☐

## מאַך אַ רינגעלע ארום די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ביס | מאָל | טיפֿע | דאָס | פֿעלד | גרין | ריכטיק ☐ |
| נים | שול | שיפֿן | פֿיר | לעפֿל | שאָל | ניט ריכטיק ☐ |
| פֿיש | שילד | רייפֿן | פֿאָן | גראָז | ניין | |

## שטעל אריין אַ

| אָ | י | פ | פ |
|---|---|---|---|
| א_ל | ט_ר | _יר | שי_ל |
| ט_ל | פ_ר | _לי | _ישל |
| ש_ל | ט_פע | _אָרב | טי_ע |
| פ_ר | א_ל | _אָל | _רישע |

## דאָס זיינען אַלע אותיות פון אלף־בית

**1**

א ב ג ד ה ו ז ח

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פ ף

צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטיילונג 2,
געפֿין זיי אויבן אין דער אָפּטיילונג 1 און פֿאַרב זיי אויס.

**2**

נ ו ס ז

נ ו ס ז

נ

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ נ



נאָז



נעסט



ניס

ו

ווערטער וואָס לייענען זיך מיט אַ ו אין מיטן



שוך



הוט



לופטשיף

ס

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ס



סאַסנע



סטענגע



סאָווע

ז

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ז



זאַנגען



זאָק



זעג

ש ע ר ל אַ ט ב מ אָ י פ נ ו ס ז

| | |
|---|---|
| נ אַ פאַס פֿול מיט ניס. | אַ שטול מיט פיר פיס. |
| ו ער נעמט אַ נוס. | אַ פולע שיסל מיט ניס. |
| ס מאַמע, רו אַ ביסל. | טו אַ ביס אַ זעמל. |
| ז אַ טיר מיט אַ שלאָס, | זי עסט זיסע זעמל. |
| אַ שלאָס מיט אַ שליסל. | אַ לופט־שיפל פֿליט. |
| אַ טעלער מיט אַ מעסער. | זומער פֿליט אַ פֿלאַטערל. |

שרייב אַריין אין די שורות די ווערטער פון זייט 8

נ ו ס ז

מאַך אַ שטריך אונטער די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

— סטוק־סטוק־סטוק, ווער קלאַפּט אין טיר?

— איך, דער שוסטער, קום צו דיר.

— שוסטער, שוסטער, וואָס, נאָך וואָס?

— נעמען פון דיין פוס אַ מאָס.

איך וועל דיר אַ שיכל נייען,

וועסטו אָנטאָן און זיך פרייען.

ריכטיק ☐ ניט ריכטיק ☐

מאַך אַ רינגעלע אַרום די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ריכטיק ☐<br>ניט ריכטיק ☐ | לופט<br>דופט<br>קום | זעמל<br>זייל<br>זינג | נוס<br>מאַן<br>בין | זעקס<br>זיס<br>זאַלץ | פאַס<br>נאַס<br>זיבן | פאַס<br>גאַס<br>גלאָז |

שטעל אַריין אַ

| ז | ס | ו | נ |
|---|---|---|---|
| _עמל | ני_ | ל_פט | _אָז |
| _ומער | נאַ_ | ש_ל | _יס |
| _יסע | פו_ | פ_ס | _אַס |
| _אַטע | פאַ_ | נ_ס | _יט |

מאַך פון עטלעכע זייטלעך פּאַפּיר אַ קליין ביכעלע (זע בילדער 3 און 4). יעדעס מאָל וואָס דו לערנסט אויס אַן אות, זאָלסטו אין דער היים צעשניידן אַ קאָלירט שטיקל פּאַפּיר (זע בילד 1) אויף שמאָלע פּאַסקעלעך (זע בילד 2). פון די קאָלירטע פּאַסקעלעך פּאַפּיר זאָלסטו אויסקלעפּן אויף דער רעכטער זייט פון בלעטל (זע בילד 5 און 6) דעם נייעם אויסגעלערנטן אות. אויף דער לינקער זייט פון בלעטל שרייב אַריין די נייע ווערטער, וואָס דו לערנסט זיך אויס אין שול.

1

דאָס קאָלירטע שטיקל פּאַפּיר.



3

2

די צעשניטענע פּאַסקעלעך.



4







קלעפּ אויס דעם אות אָט אַזוי




שרייב אַריין אין די קעסטעלעך די נעמען פון די בילדער לויט די נומערן

| | | | |
|---|---|---|---|
| 4 | 3 | 2 | 1 |
| 8 | 7 | 6 | 5 |
| 12 | 11 | 10 | 9 |
| 16 | 15 | 14 | 13 |

דאָס זיינען אַלע אותיות פֿון אַלף־בית

1 א ב ג ד ה ו ז ח

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פֿ ף

צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטיילונג 2,
געפֿין זיי אויבן אין דער אָפּטיילונג 1 און פֿאַרב זיי אויס.

2 ג ד אי ז

ג ד אי ז

## ג

ג ג ג

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ג



גלאָז



גלאָק



גאַנדז

## ד

ד ד ד

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ד



דאַך



דעמב



דעקל

## אי

אי אי אי

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ אי



אינדיק



אינדזל



אינדיאַנער

## ן

ן ן ן

ווערטער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ ן



מאַן



פאַן



פאָן

ש ע ר ל אַ ט ב מ אָ י פּ נ ו ס ז ג ד אי ן

אי איר פּעטער איז אַ פּאַרמער.
ד ער גראַבט די ערד מיט אַ רידל.
ג דאַס פעלד איז פול מיט גראָז.
ן דאַס גראָז איז פריש און גרין.
דער פּעטער איז אין גאַרטן.
ער טוט דאָרט גוטע ארבעט.
דער גאַרטן איז פול מיט בלומען.
ער נעמט פון גאַרטן בלומען.
ער נעמט פון גאַרטן מערן.
דאַס גראָז איז גלאַט און גרין.
עס גיסט אַ רעגן. אַ רעגן איז גוט.
אַ רעגן איז גוט פאַר די פעלדער.
אַ רעגן איז גוט פאַר די גערטנער.

---

די שאַפע איז פול מיט גלעזער.
לעבן די טעלער ליגן לעפל מיט גאָפּל.

שטעל אריין א

| ן | אי | ד | ג |
|---|---|---|---|
| או_ | _ר | _ער | _ראָז |
| פו_ | _ן | פער_ | _לאָז |
| אי_ | _ז | רי_ל | _רין |
| זו_ | _נדיאָנער | פּי_ל | _על |

מאַך אַ שטריך אונטער די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

זיג־זאַג, זעג אַ ברעט
פאַר אַ טיש, פאַר אַ בעט,
פאַר אַ שטול, פאַר אַ דאַך. —
אַ זעג איז אַ גוטע זאַך.

זינג־געזאַנג, אַ זינגער זינגט,
און זיין שטימע האַרציק קלינגט
און צעגיסט זיך ווייט און ברייט, —
ברענגט פאַר אַלעמען אַ פרייד.

ריכטיק ☐
ניט ריכטיק ☐

מאַך אַ רינגעלע אַרום די ווערטער וואָס דו קענסט איבערלייענען

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| דינע | דאַרע | אירע | פון | בלומען | רודער |
| דעקל | וואַרע | זיינע | ווילד | אין | ווידער |
| גלעקל | זעקל | מיינע | וואַלד | איך | זאַק |

ריכטיק ☐ ניט ריכטיק ☐

שרייב אַריין אין די שורות די ווערטער פון זייט 22

ל ג א ן

שרייב אָן לעבן יעדן בילד דעם ריכטיקן נאָמען.


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______


אַט איז אַ ______

אַ שפּיל: אין יעדן קעסטעלע געפינען זיך דריי ווערטער און אַ נומער. דו קענסט דערהויל בלויז איין וואָרט פון די דריי. עמעצער רופט אויס דעם נומער פון קעסטעלע און דאָס וואָרט וואָס דו קענסט. און דו מאַכסט אַ רינגעלע אַרום דעם וואָרט.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| 1<br>בער<br>דאַך<br>באַק | 2<br>הויז<br>מויז<br>טיש | 3<br>באַנק<br>מאַמע<br>היינט | 4<br>טאַץ<br>זיבן<br>זיץ | 5<br>לופט<br>לויפט<br>נאַכט |
| 6<br>אַרבעטער<br>שניידער<br>בעקער | 7<br>טאָוול<br>מעקער<br>קרייד | 8<br>שטול<br>העפט<br>לאָמפּ | 9<br>האַנט<br>נוס<br>נעם | 10<br>זומער<br>ווינטער<br>האַרבסט |
| 11<br>שוסטער<br>קוכער<br>שיף | 12<br>טאַטע<br>קאַרטע<br>קרויט | 13<br>טעלער<br>קאָפּ<br>קעלער | 14<br>אַקער<br>שיסל<br>אַנקער | 15<br>קראַנץ<br>קום<br>נאָס |
| 16<br>פּאָס<br>נעכט<br>באָק | 17<br>קלאָפּ<br>לעפל<br>גלעקל | 18<br>האַק<br>פּעטער<br>זיידע | 19<br>ביידע<br>פישל<br>פּייער | 20<br>פלוים<br>מומע<br>מיידל |

ריכטיק ☐ ניט ריכטיק ☐

מאַך קורצע זאַצן מיט די ווערטער וואָס דו האָסט ריכטיק געטראָפן.

אַרבעטער ______________________________

______ בעט ______________________________

______________ בער ______________________________

__________________ באָבע ______________________________

______________________ מומע ______________________________

__________________________ פּעטער ______________________________

______________________________ טאַטע ______________________________

______________________________ מאַמע ______________________________

______________________________ באַר ______________________________

______________________________ עסט ______________________________

דאָס זײַנען אַלע אותיות פֿון אַלף־בית

**1**

א ב ג ד ה ו ז ח

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פֿ ף

צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטײלונג 2,
געפֿין זײ אױבן אין דער אָפּטײלונג 1 און פֿאַרב זײ אױס.

**2**

כ ך ק װ אױ

כ ך ק װ אױ

## כ

כ כ כ

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ כ



כינעזער



כוואַליעס



כאַלאַט

## ך

ך ך ך

ווערטער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ ך



שיך



בוך



דאַך

## ק

ק ק ק

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ק



קרוג



קינד



קעמל

## אוי

אוי אוי אוי

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַן אוי



אויער



אויגן



אויוון

ש ע ר ל אַ ט ב מ אָ י פ נ ו ס ז ג ד אי ן

כ ך ק וי אי

כ מיכל, מיכל, באַק אויס אַ קיכל,
ך באַק אויס אַ קוכן, גיב איר פאַרזוכן.
ק באַק אויס אַ זעמל, טראַג עס אין קרעמל,
וי זוני וועט עס קויפן, גיך וועט ער לויפן.

---

אוי אַט איז אַ טויער, אַט איז אַ מויער.
דער טויער איז אַ בלויער, דער מויער איז אַ גרויער.
אויפן מויער ליגט אַ דאַך, אויפן דאַך איז אַ קוימען
און פון קוימען טראָגט זיך אַ רויך.

---

מיט די אויגן זע איך, מיטן מויל עס איך
און מיט די הענט אַרבעט איך.

---

איך קען שוין מאַלן מיט עטלעכע קאָלירן:
מיט רויט, מיט בלוי, מיט גרוי, מיט גרין, מיט געל.
איך קען אויך מאַכן עטלעכע זאַכן:
אַ בין און אַ באַן, אַ פאָן און אַ פאַן,
אַ זאַק און אַ זאָק, אַ שטריק און אַ ראָק,
אַ שטול און אַ באַנק, אַ קעסטל, אַ שראַנק,
אַ מויז און אַ רויז און אַ בינעלע ברויז.

## דער שוסטער

אָט־אָ אָט־אָ איז אַ באַרג,
אָט־אָ אָט־אָ איז אַ טאָל.
זיצט אַ שוסטער אויפֿן באַרג,
מיט אַ האַמער, מיט אַן אָל.

שטעכט דער שוסטער מיטן אָל,
מיטן האַמער שלאָגט ער גיך:
איינס און צוויי און איינס און צוויי —
וואַקסן אויס צוויי קליינע שיך.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

ריכטיק ☐ ניט ריכטיק ☐

מוזיק פֿון ל. וו. — אַ טייל פֿון דער מעלאָדיע. — לאַנגזאַם




### שטעל אַריין אַ

| כ | ף | ק | וי | אוי |
|---|---|---|---|---|
| מי_ל | פאַ_ | גאַ_ | ר_ט | _פֿן |
| קי_ל | גאַ_ | גאָ_ | בר_ט | _ערן |
| טי_ל | רוי_ | באַ_ | קר_ט | _בן |
| שי_ל | אוי_ | באָ_ | ר_ק | _וון |

דאָס זיינען אַלע אותיות פֿון אַלף־בית

**1**

# א ב ג ד ה ו ז ח

# ט י כ ך ל מ ם

# נ ן ס ע פּ פ ף

# צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטיילונג 2,
געפֿין זיי אויבן אין דער אָפּטיילונג 1 און פֿאַרב זיי אויס.

**2**

# צ ץ וו ף

צ ץ וו ף

## צ

צ צ צ

### ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ צ



צאָן



צווייג



ציג

## ץ

ץ ץ ץ

### ווערטער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ ץ



קאַץ



טאַץ



קראַנץ

## וו

וו וו וו

### ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ וו



וועווערקע



וויגעלע



וואַזע

## ף

ף ף ף

### ווערטער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ ף



שיף



וואָלף



רייף

ש ע ר ל אַ ט ב מ אָ י פ נ ו ס ז ג ד
אי ן כ ך וי אוי צ ץ וו פֿ

## געסט

צ קיץ, קאַץ, קעצעלע,
ץ וואַש מיר אויס אַ טעצעלע,
וו עס קומען געסט צו מיר.
פֿ עס קומט די מומע מירעלע
מיט איר טאָכטער צירעלע, —
עפֿן אויפֿ די טיר.
וואַשט די קאַץ אַן אויערל,
עפֿנט זיך דאָס טויערל, —
עס קומען געסט צו מיר.
עס קומען קינדער ברעקעלעך,
קומען אָן אויפֿ שטעקעלעך, —
עפֿנט אויפֿ די טיר.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

ץ לויפֿ אין קרעמל און קויפֿ דאַרטן אַלץ:
ף פֿינפֿ פונט צוקער און עלפֿ פונט זאַלץ,
אַ זעקל מעל, אַ גלעזעלע שמאַלץ,
בוימל אַ פלאַש און אייער אַ טוץ, —
באַק פֿאַר מיר אויס אַ פלעצל אַ גוטס.

לייען דאָס פון אַלע זייטן, פון רעכטס צו לינקס, אויף צוריק, פון אויבן אַראָפּ, פון אונטן אַרויף, פון מיטן, פון אַלע זייטן.

| | | | |
|---|---|---|---|
| ווינטער | וואָיען | ווילדע | וועלף |
| וואָיען | ווינטער | וועלף | ווילדע |
| ווילדע | וועלף | ווינטער | וואָיען |
| וועלף | ווילדע | וואָיען | ווינטער |

שטעל אַריין א



שרייב אַריין אין די שורות די ווערטער פון זייט 32



דאָס זיינען אַלע אותיות פֿון אלף־בית

1

א ב ג ד ה ו ז ח

ט י כ ך ל מ ם

נ ן ס ע פּ פ ף

צ ץ ק ר ש ת

קוק זיך גוט צו צו די אותיות אונטן אין דער אָפּטיילונג 2,
געפֿין זיי אויבן אין דער אָפּטיילונג 1 און פֿאַרב זיי אויס.

2

ה פּ ם

ה פּ ם

## ה

ה ה ה

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ה



הונט



האַק



האַנט

## פּ

פּ פּ פּ

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ פּ



פּויקל



פּילקע



פּיקהאָלץ

## ם

ם ם ם

ווערטער וואָס ענדיקן זיך מיט אַ ם



בוים



פלאַם



בלום

וועמען פליט אַן א ?
וועמען זעט אַן א ?
וועמען הערט אַן א ?
וועמען זיצט די הון אויף אַן א ? וועמען מעקעט אַ צ ?

וועמען איז אַ צ זיס ?
וועמען איז אַ צ ביטער ?
וועמען קען מען אַ צ ניט
נעמען אין מויל ?

וועמען איז אַ פּ אין דער לופטן ?
וועמען איז אַ פּ אויף דער ערד ?
וועמען איז אַ פּ אויף אַ בוים ?
וועמען איז אַ פּ אין אַ קישן ?

צוקער, פעדערן, אויערן, זאַלץ, פאַלט, אויגן, פויגל, אייער, פלוים, ציבעלע, אַדלער, ציג.

ש ע ר ל אַ מ ב ט אָ י פ נ ו ס ז ג ד אי ן
כ ך ק וי אוי צ ץ וו ף ה פּ ם

## קו־קו־רע־קו האָן

ה
האַנעלע־גערגעלע, הענדעלע האָן,
זע נאַר, דו שטיפער, וואָס דו האָסט געטאָן.
האָסט אויף אַ הויכן פּלויט זיך געשטעלט
און אויפגעוועקט האָסטו די גאַנצענע וועלט.

## פ אַ ל ט  אַ  ר ע ג נ ד ל

פֿ
פאַלט אַ רעגנדל אַראָפּ,
פאַלט ער שימעלען אין קאָפּ.
שימעלע וועט וואַקסן,
ביזן הויכן קאַסטן.
ביזן הויכן עלמערל,
ביז דער מאַמעס קעלנערל.
פאַלט אַ רעגנדל אַראָפּ,
פאַלט ער שימעלען אין קאָפּ.

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי.

## ע פּ ל

פּ
עפּל, עפּל, רויט און פריש,
עפּל, עפּל אויפן טיש.
עפּל, עפּל רייף און רויט
עסן, עסן מיר ווי ברויט.
עפּל, עפּל פול מיט זאַפט
עסן מיר און קריגן קראַפט.

## אַ פלוים אויף אַ בוים

ם

וואַקסט אַ פלוים אויף אַ בוים
אַזוי הויך, — צו דערלאַנגען קוים !
נעם איך קריכן אויפן בוים —
און איך רייס אַראָפּ די פלוים.

## א י ן   ק ר אָ ם

ם

קום מיט מיר אין קראָם. איך דאַרף דאָרט עפּעס קויפן.
— וואָס ? פאַר די האָר אַ קאַם, פאַרן בילד אַ ראַם און אַ בעזעם פאַרן הויז. נעם דעם שירעם אונטערן אָרעם, טאָמער וועט רעגענען.

שטעל אַריין אַ

| ה | פּ | ם | ם |
| --- | --- | --- | --- |
| _ונט | טאָ_ | בוי_ | צוי_ |
| _אַנט | צאָ_ | פלוי_ | פלאַ_ |
| _וט | ע_ל | נע_ | ראַ_ |
| _אָן | קע_ל | פּאַר_ | קאַ_ |

שרייב אַריין אין די שורות די ווערטער פון אויבן

ה פּ ם

## מאַך זיך אַ ווערטער ביכל.

**וויפֿל ווערטער קענסטו**

וואָס הייבן זיך אָן מיט אַן א
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ב
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ג
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ד
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ה
וואָס הייבן זיך אָן מיט וו
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ז
*וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ח
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ט
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ י
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ כ
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ל
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ מ
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ נ
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ס
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ע
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ פּ
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ פֿ
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ צ
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ק
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ר
וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ש
*וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ ת

* דער אות ווערט באַנוצט אין העברעאישע ווערטער.

לערן זיך שרייבן געדרוקט אָט אַזוי:

ײֵ

ײֵ ײֵ ײֵ

ווערטער וואָס לייענען זיך מיט אַ ײֵ אין מיטן



מײֵדל



דרײֵדל



קלײֵדל

אײֵ

אײֵ אײֵ אײֵ

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַן אײֵ



אײֵגעלעך



אײֵזל



אײֵער

ײַ

ײַ ײַ ײַ

ווערטער וואָס לייענען זיך מיט אַ ײַ אין מיטן



פײַפל



פײַער



פײַקל

אײַ

אײַ אײַ אײַ

ווערטער וואָס הייבן זיך אָן מיט אַ אײַ



אײַזקאַסטן



אײַזנבאַן



אײַז

ש ע ר ל אַ מ ב ט אָ י פּ נ ו ס ז ג ד אי כ ך
ק וי אוי צ ץ וו פ ה פּ ם

## ש נ י י ד ע ר

יי — שניידער, שניידער, אַרבעטסט שווער
לי מיט דיין נאָדל, מיט דיין שער.
מאַכסט אונדז וואַרעם, מאַכסט אונדז שיין, —
האָסט אַ קלייד פֿאַר זיך אַליין ?
— איך האָב פֿאַר זיך ניט אָנגעגרייט, —
איך האָב פֿאַר אַנדערע געגרייט.

## פּ אַ ל ק ס ל י ד

יי קעסטעלע, קעסטעלע, גיב זיך אַ דריי,
ווינטעלע, ווינטעלע, גיב זיך אַ ווײַ,
הענדעלע, הענדעלע, גיב נאָר אַ קריי,
הינדעלע, הינדעלע, לייג נאָר אַן איי.

## מ אַ ר ש ל י ד

איי איינס און צוויי און דריי און פֿיר,
איי וואָס מיר זיינען — זיינען מיר.
כאָטש מיר זיינען יונג און קליין,
ווי די העלדן דאַרף מען גיין.

י. קאַצענעלזאָן.

## אַכט אַ זייגער

שוין אַכט אַ זייגער,
אַכט אַ זייגער,
באַלד וועט ווערן שפּעט.
קוש דעם טאַטן,
קוש די מאַמע
און אַריין אין בעט.

בערל סיגאַל.

## צ ו ם ר ע ג ן

רעגן, רעגן, זאָל שוין זיין !
גיי דיר אין דיין רו אַריין !
קום צוריק אַ דיגער ניין,
ווען גוטע קינדער שלאָפֿן איין.

בערל סיגאַל.

# אונדזערע טעג

ײ

זיבן, זיבן זיינען מיר,
זיבן גוטע ברידער.
זיבן, זיבן גייען מיר
און מיר קומען ווידער.

ווייסע פערד, שוואַרצע פערד,
צווייערליי קאַראָטן,
קיין מאָל ווערט ניט אונדזער שפור
אויף דער ערד פאַרשאָטן.

מוזיק פון י. ירדני.

נחום יוד.



## ײ שניי, שניי

שניי, שניי, ווייסער שניי,
כ'האָב אויף דיר אַ יאָר געוואַרט,
קום זשע היינט און מיך דערפריי,
זיי נישט אַזוי איינגעשפּאַרט.

כ'האָב אַ שליטן אָנגעגרייט,
הענטשקעס וואַרעמע אַ פּאָר,
פאַל אויף גאַסן, פאַל אויף פּלויט,
פאַל אויף מיינע בלאָנדע האָר.

אפרים אויערבאַך.

## שטעל אַריין אַ

| ײ | אײ | ײַ | אײַ |
|---|---|---|---|
| שנ_ | _נס | פ_ער | _ער |
| דר_ | _נער | ט_ער | _זן |
| צוו_ | _זל | ז_נען | _זקאַסטן |
| צ_ל | _ער | ש_נען | _נקויפן |

# שפילן מיר אין קעסטעלעך

(שפילן זינגענדיק)

אָ נ פ י ר ע ר : שפילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך, קום אַרויס, דו האָן! דו האָן!

(עס קומט אַרויס אַ האָן)

אָ נ פ י ר ע ר : האָן! האָן! וואָס גיסטו צו? וואָס גיסטו צו?

ה אָ ן : איך גיב צו אַ קריי, אַ קריי.

אַ ל ע : דער האָן אַ קריי, דער האָן אַ קריי. שפילן מיר ווייטער אַזוי, שפילן מיר ווייטער אַזוי.

אָ נ פ י ר ע ר : שפילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך, קום אַרויס, דו הון, דו הון.

(עס קומט אַרויס אַ הון)

אָ נ פ י ר ע ר : הון! הון! וואָס גיסטו צו? וואָס גיסטו צו?

ה ו ן : איך גיב צו אַן איי, אַן איי.

אַ ל ע : די הון אַן איי, דער האָן אַ קריי, שפילן מיר ווייטער אַזוי, שפילן מיר ווייטער אַזוי.

אָ נ פ י ר ע ר : שפילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך, קום אַרויס, דו ראָד! דו ראָד!

(עס קומט אַרויס אַ ראָד)

אָ נ פ י ר ע ר : ראָד, ראָד, וואָס גיסטו צו? וואָס גיסטו צו?

ר אָ ד : איך גיב צו אַ דריי, אַ דריי.

אַ ל ע : די ראָד אַ דריי, די הון אַן איי, דער האָן אַ קריי. שפילן מיר ווייטער אַזוי, שפילן מיר ווייטער אַזוי.

אָ נ פ י ר ע ר : שפילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך, קום אַרויס, דו ווינט! דו ווינט!

(ווינט קומט אַרויס)

אָ נ פ י ר ע ר : ווינט, ווינט, וואָס גיסטו צו? וואָס גיסטו צו?

ו ו י נ ט : איך גיב צו אַ ווײ, אַ ווײ.

אַ ל ע : דער ווינט אַ ווײ, דער ראָד אַ דריי, די הון אַן איי, דער האָן אַ קריי. שפילן מיר ווייטער אַזוי, שפילן מיר ווייטער אַזוי.

# זינג איך מיר דעם אַלף־בית

**א** אַלעף איז דער אַרבעטער, — אַלץ שאַפט ער און בויט,
**ב** ביים איז דער בעקער, — ער באַקט אונדזער ברויט.
**ג** גימל איז דער גאַניק מיט ברייטע טרעפּ,
**ד** דאַלעד איז דאָס דעקל, וואָס דעקט צו טעפּ.
**ה** היי איז דער הענדלער, — קענסט אַלץ ביי אים קויפן,
**ו** וואָוו איז דער וועכטער, — ער היט פרעמדע הויפן.
**ז** זייען איז דער זינגער, ס'איז גוט אים צו הערן,
**ח*** כעס איז דער חכם (כאָכעם) — גוטס טוט ער קלערן.
**ט** טעס איז דער טרעגער, — ער טראָגט שווערע פּעק,
**י** יוד איז דער יעגער, — ער גייט אויף געיעג.
**כ** כאָף איז די כמאַרע, — אַן אָנזאָג אויף רעגן,
**ל** לאַמעד איז דער לייב, — ער שטעלט אַלץ זיך אַנטקעגן.
**מ** מעם איז דער מילנער, — זיין מיל מאָלט כסדר (קעסיידער),
**נ** נון איז די נייטאָרין, — זי נייט פרעמדע קליידער.
**ס** סאַמעך איז די סאָכע, דאָס זעלבע וואָס אַקער,
**ע** אייען איז דער עפּל, — וואָס קען זיין געשמאַקער.
**פּ** פּיי איז דער פּויער, ער אַקערט און זייט,
**פֿ** פיי איז דער פידלער, זיין שפּילן דערפרייט.
**צ** צאַדעק איז ציגל צו מויערן ווענט,
**ק** קוף איז דער קאָוואַל מיט מעכטיקע הענט.
**ר** רייש איז די ראָד, וואָס דו זעסט אויפן וואָגן,
**ש** שין איז דער שניידער, וועמעס קליידער מיר טראָגן.
**ת*** טאָף איז פון אלף־בית דער סוף,
צוויי און צוואַנציק אותיות פון **א** ביז **ת**.

---

* דער אות ווערט באַנוצט אין העברעאישע ווערטער.

## ציגעלע און וויגעלע

ציגעלע־מיגעלע איז געשטאַנען אונטער ייִנגעלעס וויגעלע. וויל ציגעלע אַריין אין וויגעלע.

זאָגט מאַמע: ניטע, ציגעלע, ייִנגעלע אין וויגעלע!

זאָגט ציגעלע: איך אויך אין וויגעלע!

זאָגט מאַמע: ייִנגעלע אין וויגעלע, ציגעלע אונטער וויגעלע!

נעמט ציגעלע וויינען: או! או! או!

זאָגט מאַמע: ייִנגעלע אין וויגעלע, אַט איז מילך אין קריגעלע!

ציגעלע מילך געטרונקען, ציגעלע מער ניט געוויינט.

לעאָן עלבע

## עפּעלע און טעפּעלע

אין טעפּעלע געלעגן עפּעלע. ווי איז אַריין עפּעלע אין טעפּעלע? ניט מיט פיסעלעך: עפּעלע האָט ניט קיין פיסעלעך!

ווי איז אַריין עפּעלע אין טעפּעלע? מאַמע אַרייַנגעלייגט עפּעלע אין טעפּעלע.

עפּעלע וויל אַרויס פון טעפּעלע. עפּעלע קען ניט אַרויס פון טעפּעלע. עפּעלע האָט ניט קיין פיסעלעך. קומט מאַמע, נעמט אַרויס עפּעלע פון טעפּעלע.

עפּעלע זיס – גיב אַ ביס!

לעאָן עלבע

# מ י כ ע ל ע

עס איז געווען נאַכט. מיכעלע טראַכט גאָרניט צו גיין שלאָפן.

געטרונקען מילך האָט שוין מיכעלע און פאַרביסן מיט אַ קיכעלע.

האָט געשטיפט און געלאַכט —
און געזאָגט אַ גוטע נאַכט!

מיכעלע, מיכעלע,
טו אויס דאָס שיכעלע,
טו אויס דאָס רעקעלע,
ציִ אַראָפּ דאָס זעקעלע,
פאַרבייג זיך, פאַרנייג זיך
און אין בעטעלע לייג זיך.

האָט זיך מיכעלע טאַקע באַלד אין בעט געלייגט, די אייגעלעך פאַרמאַכט און איינגעשלאָפן. אין שלאָף האָט ער אַ שמייכל געטאָן. אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט אים זיין מאַמע געפרעגט: פאַר וואָס האָסטו געשמייכלט, מיכעלע?

י. קאַצענעלזאָן

## וואָס יעדער איינער וויל

דאָס בהמהלע זאָגט: גראָז איז זיס!
דאָס וועווערקעלע זאָגט: גיט מיר ניס!
דאָס פישעלע וויל: אַ וואַסערל טיף!
דאָס קעלבעלע וויל: אויף דער לאַנקע אַ שטיף!
דאָס פערדעלע זאָגט: היי איז געשמאַק!
דאָס מייזעלע זאָגט: מעל אַ זאַק!
דאָס פייגעלע זאָגט: אַ ברעקעלע קליין!
דאָס הינטעלע זאָגט: וואַרפט מיר אַ ביין!
דאָס אָדלערל וויל: דעם הימל־בלוי!
דאָס בלימעלע וויל: אַ טראָפּן טוי!
יעדער איינער וויל וואָס אים געפעלט.
דאָס מענטשעלע וויל די גאַנצע וועלט!

י. קאַצענעלזאָן

## די זשאַבע און דער אָקס

אַ זשאַבע האָט אַ מאָל געזען אַן אָקס. דער אָקס איז געווען זייער אַ גרויסער. די זשאַבע איז געווען זייער קליין.

האָט די זשאַבע אויך געוואָלט ווערן אַזוי גרויס, ווי דער אָקס.

וואָס זשע האָט די זשאַבע געטאָן?

זי האָט זיך גענומען בלאָזן און בלאָזן, שטאַרק און שטאַרקער. אַזוי לאַנג און אַזוי גרויס — ביז זי האָט געפּלאַצט.

לויט עזאָפּ



# די מאַלפּע און דיברילן

אַז די מאַלפּע איז געוואָרן אַלט, זיינען אירע אויגן געוואָרן שוואַך און זי האָט ניט געקענט גוט זען. האָבן איר מענטשן געזאָגט, אַז מיט ברילן זעט מען בעסער. האָט די מאַלפּע געקויפט אין קראָם אַ גאַנצן טוץ ברילן. איין פּאָר האָט זי אָנגעטאָן אויף דער פּלייצע, איין פּאָר אויף די פיס, איין פּאָר אויפן עק און אַזוי אויף אַלע אַנדערע טיילן פון קערפּער, נאָר ניט אויף די אויגן. האָט זי אַליין ניט געקענט זען, די ברילן האָבן איר גאָרנישט געהאָלפן. איז די מאַלפּע געוואָרן שטאַרק בייז, האָט אַ וואָרף געטאָן די ברילן אויף אַ שטיין און זיי צעבראָכן אויף פּיצ־פּיצלעך. „די מענטשן זיינען גרויסע ליגנער", האָט די מאַלפּע געזאָגט, „זיי זאָגן, אַז ברילן העלפן, אָבער זיי טויגן צו גאָרנישט."

לויט עזאָפּ

| טיילן פון קערפּער: | | | |
|---|---|---|---|
| | | דער צאָן | דער פוס |
| דער אַקסל | די הויט | דער קאָפּ | די קני |
| דאָס אויג | דער נאָגל | דער נאַקן | די פּיאַטע |
| די הענט | די נאָז | די פּלייצע | דער פינגער |
| דער עלנבויגן | די צונג | די אויגן | דאָס מויל |

## וועמען איז שווערער?

דער שליטן זאָגט: מיר איז ווינטער שווער.
דער וואָגן זאָגט: מיר איז זומער שווער.
דאָס פערד זאָגט: מיר איז שטענדיק שווער.





# שימעלע און זיין רעקל

שימעלע האָט איין מאָל דערזעז, אַז די אַרבל פון זיין רעקל זיינען אויסגעריבן אין די עלנבויגנס, דאָס הייסט, אַז אויף יעדן עלנבויגן איז דאָ אַ לאָך.

האָט שימעלע געטראַכט: וואָס טוט מען ? האָט ער גע־פונען אַן עצה (אייצע) : ער האָט אָפּגעשניטן דעם קאָלנער פון דעם רעקל און האָט געלייגט שיינע צוויי לאַטעס. איז שוין גוט ? ניין, טויג עס ערשט ניט ! ווי קען מען טראָגן אַ רעקל אָן אַ קאָלנער ? האָט ער געטראַכט און האָט גע־פונען אַ נייע עצה : ער האָט אָפּגעריסן די קעשענעס און האָט געמאַכט אַ קאָלנער. אַבער אַ נייער אומגליק : אויף די ערטער פון די קעשענעס זיינען פאַרבליבן צוויי גרויסע לעכער.

האָט זיך שימעלע ווידער פאַרטראַכט. האָט ער אויס־געטראַכט אַ נייעם פּלאַן : ער האָט קירצער געמאַכט דאָס רעקל און פון דעם שטיקל וואָס ער האָט אָפּגעשניטן האָט ער געמאַכט צוויי קעשענעס. איצט וואָלט שוין אפשר (עפּשער) געווען גוט, אַבער ווי קאָן מען טראָגן אַזאַ מין רעקל, וואָס זעט אויס ווי אַ וועסטל ?

אַזוי האָט שימעלע אַ גאַנצן טאָג געשניטן און געלאַ־טעט ביז וואַנעט פון רעקל איז געוואָרן הוילע שטיקלעך, אַבער ערגעץ האָט נאָך אַלץ געפעלט אַ שטיקל.

פון די בעסטע מעשות

| | | |
|---|---|---|
| קלײדונג : | דאָס קלייד | דאָס קליידל |
| דאָס רעקל | דאָס העמד | די בלוזע |
| די הויזן | דאָס איבערהעמד | די סטענגע |
| דאָס וועסטל | דער שניפּס | דער פאַרטעך |
| דער גאַרטל | דער זאָק | דער הוט |
| דער מאַנטל | די הענטשקע | דער קאַפּעליוש |

שרייב אונטער יעדן בילד דעם פּאַסיקן נאָמען.









# דזשעק דער קלעק



ווען דזשעק קומט אין שול, איז דער קלאַס שוין פול.
אָן אַ העפט, אָן אַ בוך, אָן אַ בענדל אין איין שוך.
גיט ער פון בענים בוך אַ לעק, פון סעמים העפט אַ שמעק און ער זעצט זיך אַוועק.
איז אָבער דזשעק אַ קלעק. גיט ער אין מיטן לערנען ווילין אַ שטופּ, לילין אַ צופּ, בענין אַ ריס און סעמין אַ קלאַפּ מיט די פיס.




ווערט אַ טומל אין קלאַס, פּונקט ווי אויף דער גאַס, און אַלע ווערן אויף דזשעקן אין כעס.
קאָן מען ניט לייענען, קאָן מען ניט הערן, ווייל דזשעק דער קלעק האָט ליב דעם קלאַס צו שטערן.
דער לערער בעט:
— דזשעק, עס ווערט שפּעט! מע דאַרף נאָך שרייבן און עס וועט קיין צייט ניט בלייבן!
אָבער דזשעק בלייבט קלעק. אַזוי נעכטן, אַזוי היינט. אַלע קינדער האָבן אים פיינט.
דזשעק, דזשעק, הער שוין אויף צו זיין אַ קלעק!

פון דער זאַמלונג פאַר קליינע קינדער.



ווען אַ בוך וואָלט געקאָנט ריידן, וואָלט עס אַזוי געזאָגט:

נעם מיך ניט מיט שמוציקע הענט,
איך וויל זיין ריין.
דריי מיך ניט צונויף ווי אַ טרייבל,
איך וויל ניט זיין קרום און לאָם.
לייג מיך ניט אויף אַ נאַסן טיש,
איך האָב פיינט צו ליגן אין נעץ.
מיינע טאָוועלעך וויקל איין אין פּאַפּיר,
וועל איך זיין ריין און גאַנץ.



שרייב אָן אונטער יעדן בילד דעם פּאַסיקן נאָמען.





# פּלענדעניש

— קינדער, לאָמיר זיך שפּילן אין בלענדעניש.

מיר האָבן זיך אַלע צעשטעלט, און יאַנקעלע האָט גענומען אויסציילן:

אוי, ווי, גיב מיר טיי!
טיי איז ביטער — גיב מיר צוקער!
צוקער איז זיס — גיב מיר ניס.
ניס זיינען האַרט — זיץ און וואַרט!

איז אויסגעפאַלן אויף בערעלען. אָבער שלמה איז נישט איינגעגאַנגען. ער האָט געזאָגט, אַז בערעלע האָט נישט ריכטיק געציילט, און ער האָט אַנדערש אויסגעציילט:

איינס, צוויי דריי,   ביידע גלאָקן,
אָדער, לידער, ליי,   צירעלע, פערעלע —
אָקן, באָקן,   דוקעס אַרויס!

איז אָבער אויסגעפאַלן ווידער אויף בערעלען, האָבן מיר אַלע זיך צעלאַכט. האָבן מיר בערעלען פאַרבונדן די אויגן מיט אַ טיכל, ער זאָל אונדז נישט קאָנען כאַפּן.

מיר האָבן געפרעגט:

„אויף וואָס שטייסטו"   — עפּלקוואַס! —
— אויף אַ פאַס! —   „וואָס עסטו?"
„וואָס טרינקסטו?"   — אַ בייגל! —

„כאַפּ אַ פויגל!" — האָבן מיר אַ געשריי געטאָן און זיך געלאָזט לויפן. בערעלע האָט זיך געיאָגט נאָך אונדז מיט פאַרבונדענע אויגן. ער איז געלאָפן, געלאָפן, געטאַפּט די ווענט, ביז ער האָט פאַרט געכאַפּט... דעם לערער, וואָס איז גראָד אָנגעקומען אויף אונדזער שפּיל. האָבן מיר זיך אַלע שטאַרק צעלאַכט...

פון מיין יידיש בוך.

# ווען דער זיידע איז אַלט געוואָרן

אין אַ הויז האָבן געלעבט אַ טאַטע מיט אַ מאַמען, זייער קליין יינגעלע איציקל און אַן אַלטער זיידע — דעם טאַטנס טאַטע.

איין מאָל, ווען דער זיידע איז שוין געווען שטאַרק אַלט און די הענט האָבן ביי אים שטאַרק געציטערט, האָט ער אויסגעגאָסן אַ ביסל זופּ אויפן טישטעך. אַן אַנדערש מאָל איז דאָס שיסעלע אַרויסגעפאַלן פון דעם זיידנס ציטערדיקע הענט און איז צעבראָכן געוואָרן. איציקלס מאַמע איז שטארק בייז געוואָרן. זי האָט פון דעמאָלט אָן געזעצט דעם זיידן אין קיך און אים געגעבן עסן אין אַ הילצערן שיסעלע.

איין מאָל האָט זיך איציקל געשפּילט מיט ברעטלעך אויפן דיל. די מאַמע האָט איציקלען געפרעגט:

— וואָס מאַכסטו, מיין קינד?

— איך מאַך אַ הילצערן שיסעלע, — האָט איציקל געענטפערט, — ווען דו מיטן טאַטן וועלן אַלט ווערן, וועל איך אייך געבן אין דעם עסן.

דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך איבערגעקוקט, זיינען רויט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָבן זיי צוריקגע־זעצט דעם זיידן צום טיש גלייך מיט אַלע מענטשן און האָבן אים בעסער באַהאַנדלט.

ל. טאָלסטאָי.

קרובים: דער זיידע — די באָבע.
דער פאָטער — די מאַמע.
דער זון — די טאָכטער.
דער ברודער — די שוועסטער.
דער פעטער — די מומע
דער פלימעניק — די פלימעניצע.
דאָס קינד.
דאָס שוועסטערקינד
דאָס איינקל.

# צייט



ווּיפל איז איצט דער זייגער?

וויפיל אַ זייגער שטייסטו אויף אין דער פרי?

וויפיל אַ זייגער עסטו אָנבייסן?

וויפיל אַ זייגער גייסטו אין סקול?

וויפיל אַ זייגער עסטו מיטאָג?

וויפיל אַ זייגער גייסטו אַהיים פון סקול?

ווי לאַנג שפּילסטו זיך אין גאַס?

וויפיל אַ זייגער גייסטו אין דער יידישער שול?

וויפיל אַ זייגער מאַכסטו דיין היימאַרבעט?

וויפיל אַ זייגער גייסטו שלאָפן?

ווען גייט דיין טאַטע צו דער אַרבעט?

ווען קומט דיין טאַטע פון דער אַרבעט?

## דער וואַנט זייגער

כ'בין אַ זייגער אויף דער וואַנט,<br>
און איך זינג אַלץ נאָך אַנאַנד:<br>
טיק־טאַק, טיק־טאַק.<br>
כאָטש איך רעד אַ גאַנצן טאָג,<br>
בלויז צוויי ווערטער זאָג און זאָג:<br>
טיק־טאַק, טיק־טאַק.<br>
טרעפט אַז קינדער זיצן שפּעט,

קלינג איך: צייט שוין גיין אין בעט—<br>
טיק־טאַק, טיק־טאַק.<br>
און איך וועק זיי אויף אין צייט,<br>
לאָז ניט ליגן אויף אַ זייט —<br>
טיק־טאַק, טיק־טאַק.<br>
אַזוי־אָ הענג איך יאָרן־לאַנג,<br>
מיט דעם זעלביקן געזאַנג:<br>
טיק־טאַק, טיק־טאַק.

מוזיק פון מיכל געלבאַרט.



# די פיר צייטן פון יאָר

ו ו י נ ט ע ר
גיט אַ ברום ער,
ווי אַ שטומער.
פ ר י ל י נ ג
גיט אַ לאַך ער
און דערוואַכט.

ז ו מ ע ר
גיט אַ קום ער
מיט אַ זום ער.
ה א ר ב ס ט
איז ער פאַרטרויערט
און פאַרטראַכט.

---

ו ו י נ ט ע ר — ווייס און ווילד,
פ ר י ל י נ ג — גרין און מילד,
ז ו מ ע ר —זון און בלוי,
ה א ר ב ס ט —ברוין און אוי!

אלף כץ.

# האַרבסט

עס איז דער האַרבסט געקומען,
עס וועלקן בוים און בלום.
געלע בלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אום.

עס קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פייפט אַ לידל צו,
און די אָרעמע בלעטער
האָבן ניט קיין רו.

אברהם רייזען.

פאָלקסמאָטיוו







# אַ גוט שוועסטערל

שיינדעלע איז אַלט זיבן יאָר. די עלטערן זיינען דעם גאַנצן טאָג ניטאָ אין דער היים. דער טאַטע און די מאַמע אַרבעטן ביידע אין פאַבריק. אַהיים קומען זיי ערשט שפּעט אין דער נאַכט. האָט שיינדעלע געדאַרפט טאָן אַלצדינג אין שטוב און דערצו נאָך אַכטונג געבן אויף איר קליין ברודערל יאָסעלען, אַ ייִנגעלע, וואָס איז אַלט געווען בלויז איין יאָר.

שיינדעלע האָט דעם קליינינקן געוואַשן, אָנגעטאָן, געקאָכט אים אַ קאַשקעלע און געהאָדעוועט אים, האָט צוגעטראַכט אַלערליי שפּילן, אַז יאָסעלען זאָל זיין פריילעך און ער זאָל ניט וויינען.

אָט האָט זי אים געמאַכט אַ ליאַלקע פון שמאַטקעלעך, אָט האָט זי אים געמאַכט לאַטקעס פון זאַמד. אַניט פלעגט זי נאָכמאַכן דער קאַץ: מיאַו, מיאַו, מיאַו! אַניט פלעגט זי האַווקען ווי אַ הונט, אָדער מעקען ווי אַ ציגעלע און דערביי צוזינגען:

ציפּ־ציפּ, עמערל,
קום צו מיר אין קעמערל.
כ'וועל דיר עפּעס וויזן:
שיסעלעך פון אייזן.

ביר אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך
שרייען ווי די ציגעלעך:
מעע, מעע, מעע!

פאַרנאַכט, איידער טאַטע־מאַמע קומען אַהיים לייגט זי יאָסעלען שלאָפן אין וויגעלע און זי זינגט אים אַ לידעלע:

שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט קומען פון דאָרף
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע,
וועט זיין אַ געזונט אין קעפּעלע;
וועט ער ברענגען אַ ניסעלע,
וועט זיין אַ געזונט אין פיסעלע;
וועט ער ברענגען אַ העזעלע,
וועט זיין אַ געזונט אין נעזעלע.

פון מיין יידיש בוך.







## וואַש־וואַש, כליופּ־כליופּ

ווען די מאַמע גיסט אָן וואַסער אין וואַנע,
זינגט זי אַלידל:

— יאָסעלע — וואַש־וואַש, דאָס וואַסער
— כליופּ־כליופּ!

יאָסעלע האָט זייער ליב צו באָדן זיך. ווי נאָר ער דער־הערט דער מאַמעס לידל, טוט ער שוין אויס די שיך.

היינט קלייבט זיך די מאַמע באָדן יאָסעלען.

די מאַמע איז שוין פאַרטיק. די מאַמע איז אויף אַ ווײלע אַרויס. יאָסעלען איז אומעטיק. כאַפּט ער דאָס קעצל און — פליוך אין וואַנע אַריין!

— קעצל וואַש־וואַש, וואַסער כליופּ־כליופּ, — זינגט יאָסעלע דער מאַמעס לידל.



דאָס קעצל קרימט זיך.

— מיאַו־מיאַו! — מאַכט דאָס קעצל. זי גיט יאָסע־לען אַ דראַפּע מיט די נעגל, רייסט זיך אַרויס און אַנטלויפט.

יאָסעלע וויינט.

— וואָס האָט זיך דאָ געטראָפן? — פרעגט די מאַמע.

— דאָס קעצל וויל זיך ניט באָדן — זאָגט מיט טרערן יאָסעלע.

— דאָס קעצל טאָר מען ניט באָדן, — דערקלערט אים די מאַמע — קעץ האָבן מורא פאַר וואַסער. זיי וואַשן זיך מיטן צינגל. זע, ווי אַזוי די מאַמע־קאַץ לעקט אירע קעצ־לעך. דאָס וואַשט זי זיי.

— נו, קום, יאָסעלע!

— יאָסעלע וואַש־וואַש, דאָס וואַסער כליופּ־כליופּ!...



פון די גרינינקע ביימעלעך.

## וואָס טוסטו אין די טעג פון דער וואָך ?

וואָס טוסטו זונטיק ? ______________________________

וואָס טוסטו מאָנטיק ? ______________________________

וואָס טוסטו דינסטיק ? ______________________________

וואָס טוסטו מיטוואָך ? ______________________________

וואָס טוסטו דאָנערשטיק ? ______________________________

וואָס טוסטו פרייטיק ? ______________________________

וואָס טוסטו שבת (שאַבעס)? ______________________________

________________________________________________

לערן זיך אויסצוזינגען דאָס לידל.

זונטיק בולבע, מאָנטיק בולבע,
דינסטיק און מיטוואָך בולבע,
דאָנערשטיק און פרייטיק בולבע,
שבת אין אַ נאָווינע אַ בולבע קוגעלע —
זונטיק ווייטער בולבע.
ברויט מיט בולבע,
פיש מיט בולבע,
אָבער און ווידער בולבע,
נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל בולבע,
שבת נאָכן טשאָלנט אַ בולבע קוגעלע —
אָבער און ווידער בולבע.

פאָלקסמאָטיוו.



## 1

שרייב איבער די ווערטער.
לאָז אַרויס דעם ערשטן אות, וועס־
טו האָבן אַ נײַ וואָרט.

ברויט — רויט
שרייבן ———
גרייז ———
צוועלף ———
קנויט ———
ברעכן ———
טרייבן ———
בלייבן ———
נאַכט ———
גוואַלד ———
שטויב ———
שנייי ———

דריי ———
נעסט ———
זאַלץ ———
טעפּל ———
קלערן ———
טרערן ———
גראַם ———
פלאָקן ———
אַקער ———
טרויער ———
זעק ———
קרענצל ———

## 2

שרייב איבער די ווערטער.
לאָז אַרויס דעם לעצטן אות וועסטו
האָבן אַ נײַ וואָרט.

רויט — רוי
בלייב ———
וואָלף ———
גרויס ———
זאַלץ ———
זעקס ———
אַקסל ———
בלויז ———
רויז ———
אייזן ———
הונט ———

באַרג ———
זעג ———
קריגל ———
שאַכט ———
מילך ———
שולד ———
מעלק ———
פאַרב ———
באַנק ———
באַלד ———
געלט ———

דאָ האָסטו אַ צאָל ווערטער. אַז דו וועסט זיי ריכטיק
צעטיילן, וועט ווערן פון יעדן וואָרט צוויי. צעטייל זיי און
שרייב יעדער וואָרט באַזונדער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| היטלמאַכער | וואַסערמיל | פינגערהוט | האָלצהעקער |
| וואַשברעטל | קליינגעלט | עסצימער | זאָקנבענדל |
| פרעסאייזן | הויזגעזינד | וואַסערפאַל | ציפערבלאַט |
| שוכבענדל | קלאַסצימער | ניימאַשין | טישקעסטל |
| זאַלצמעסטל | קאַרשנבוים | שטעקשיך | פאָרהאַנג |
| גראָבאייזן | בלייפעדער | דרוקמאַשין | בוכהאַלטער |
| נאָזטיכל | וועגווייזער | בריווטרעגער | לעשפּאַפיר |
| קונצנמאַכער | ציינבערשטל | בלומענקראַנץ | קלעקפּאַפיר |

מאַך זאַצן מיט די נייגעשאַפענע ווערטער





## קלאַסשפּיל

### זיך ניט געקענט צעטיילן

עמעצער דערציילט צו ערשט די מעשה

**ערשטער יינגל:** (בייגט זיך איין און הייבט אויף אַ ניסל) אַט האָב איך געפונען אַ ניסל.

**צווייטער יינגל:** דאָס ניסל געהערט צו מיר, איך האָב עס דער ערשטער דערזען.

**ערשטער יינגל:** ניין, עס באַלאַנגט צו מיר. איך האָב עס דער ערשטער אויפגעהויבן.

**צווייטער יינגל:** ניין, ס'איז מיין ניסל.

**ערשטער יינגל:** ניין, ס'איז מיין ניסל, גיב עס מיר אָפּ. (זיי נעמען זיך אַמפּערן.)

**פאַרבייגייער:** פאַר וואָס קריגט איר זיך, יינגלעך? דערציילט.

**ערשטער יינגל:** דאָס ניסל געהערט צו מיר, איך האָב עס דער ערשטער אויפגעהויבן.

**צווייטער יינגל:** דאָס ניסל געהערט צו מיר, איך האָב עס דער ערשטער דערזען.

**פאַרבייגייער:** אַזוי. איר קענט זיך, הייסט עס, ניט צעטיילן. גיט מיר דאָס ניסל, לאָמיך עס באַטראַכטן. (נעמט דאָס ניסל) דו, יינגל, זאָגסט, אַז עס איז דיינס, ווייל דו האָסט עס דער ערשטער אויפגעהויבן. ביסטו טאַקע גערעכט. דו) יינגל, זאָגסט, אַז דו האָסט עס דער ערשטער דערזען. ביסטו אויך גערעכט. איז וואָס זשע דאַרף מען טאָן? (פאַרטראַכט זיך אויף אַ ווײַלע, נעמט דאָס ניסל אין מויל און צעקנאַקט עס). נאַ דיר, יינגל, אַ האַלבן שאָלעכץ, ווייל דו האָסט דער ערשטער אויפגעהויבן דאָס ניסל. נאַ דיר, יינגל, אַ האַלבן שאָלעכץ, ווייל דו האָסט עס דער ערשטער דערזען. און דעם יאָדער נעם איך זיך פאַר זיין אייער ריכטער. (לייגט אַריין דעם יאָדער אין מויל און לאָזט זיך גיין).

**ביידע יינגלעך:** (קוקן אים נאָך) נו, האָבן מיר דאָס געדאַרפט?





# דער געטרייער הונט

אַ פּויער האָט געהאַט אַ הונט. דער הונט האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט זיין באַלעבאָס. וואוהין דער פּויער פלעגט גיין אָדער פאָרן, פלעגט דער הונט נאָכלויפן. איין מאָל האָט דער פּויער געדאַרפט עפּעס האָבן אין שטאָט. ער האָט זיך געזעצט רייטן אויף אַ פערד, האָט אַוועקגעלייגט לעבן זיך אַ זעקל מיט געלט און איז אַוועקגעפאָרן. דער הונט איז געלאָפן נאָך אים.

פלוצלונג האָט דער הונט אָנגעהויבן צו האַוקען. דער פּויער איז געפאָרן ווייטער. דער הונט האָט נאָך שטאַרקער געהאַוקעט, אָבער דער פּויער האָט אים אַוועקגעטריבן מיט דער בייטש. דער הונט האָט זיך געוואָרפן אויפן פערד און אים אָנגעהויבן בייסן. דער פּויער האָט געמיינט, אַז דער הונט איז משוגע געוואָרן. האָט ער זיך דערשראָקן. ער האָט ארויסגענומען זיין רעוואָלווער און האָט געשאָסן דעם הונט. דער פאַרוואונדעטער הונט איז אָפּגעלאָפן עטלעכע טריט און אַנידערגעפאַלן טויט.

דער פּויער האָט זיך אומגעקערט עטלעכע טריט צוריק צו זען, צי דער הונט איז שוין טויט, און וואָס האָט ער געזען ? דער הונט איז געלעגן אַ טויטער און אונטער אים איז געווען דעם פּויערס בייטל מיט געלט. דער הונט האָט געוואָלט וויזן דעם פּויער, אַז ער האָט פאַרלוירן דאָס געלט, אָבער דער פּויער האָט אים ניט פאַרשטאַנען. דעם פּויער האָט זייער באַנג געטאָן, אָבער ס'איז שוין געווען צו שפּעט.

פון די בעסטע מעשות.

דערציייל די מעשה מיט אייגענע ווערטער.





# די קאַץ און די מויז

אין אַ קעלער פון אַ הויז
שפּילט אַ קאַץ זיך מיט אַ מויז.

בייסט קאַץ אָפּ מייזעלעס עק און לויפט אַוועק. „כ׳בעט דיך, קאַץ״, זאָגט מייזעלע, „גיב מיר אָפּ מיין עק״. ענטפערט קאַץ: „גיב מיר מילך״. אַז מייזעלע האָט דאָס דערהערט —

איז זי צו ערשט געשפּרונגען,
דערנאָך געלאָפן, —
ביז זי האָט אַנטקעגן
אַ קו אָנגעטראָפן.

„כ׳בעט דיך, קו״, זאָגט מייזעלע, „גיב מיר מילך. די מילך וועל איך צו דער קאַץ נעמען, וועט זי מיר אָפּגעבן מיין עק״. זאָגט די קו: „גיב מיר היי״. אַז מייזעלע האָט דאָס דערהערט —

איז זי צו ערשט געשפּרונגען,
דערנאָך געלאָפן, —
ביז זי האָט אַנטקעגן
אַ פּאַרמער אָנגעטראָפן.

„כ׳בעט דיך, פּאַרמער״, זאָגט מייזעלע, „גיב מיר היי. דאָס היי וועל איך צו דער קו טראָגן, וועט זי מיר געבן מילך. די מילך וועל איך צו דער קאַץ נעמען, וועט זי מיר אָפּ־געבן מיין עק״. זאָגט דער פּאַרמער: „גיב מיר ברויט״. אַז מייזעלע האָט דאָס דערהערט —

איז זי צו ערשט געשפּרונגען,
דערנאָך געלאָפן, —
ביז זי האָט אַנטקעגן
אַ בעקער אָנגעטראָפן.











„ב'בעט דיך, בעקער, זאָגט מייזעלע, גיב מיר ברויט. דאָס ברויט וועל איך דעם פּאַרמער ברענגען, וועט ער מיר געבן היי. דאָס היי וועל איך צו דער קו טראָגן, וועט זי מיר געבן מילך. די מילך וועל איך צו דער קאַץ נעמען, וועט זי מיר אָפּגעבן מיין עק”. זאָגט דער בעקער: „גיב מיר מעל”. אַז מייזעלע האָט דאָס דערהערט —

איז זי צו ערשט געשפּרונגען,
דערנאָך געלאָפן, —
ביז זי האָט אָנטקעגן
אַ מילנער אָנגעטראָפן.

„ב'בעט דיך, מילנער, זאָגט מייזעלע, גיב מיר מעל. דאָס מעל וועל איך צו דעם בעקער נעמען, וועט ער מיר געבן ברויט. דאָס ברויט וועל איך דעם פּאַרמער ברענגען, וועט ער מיר געבן היי. דאָס היי וועל איך צו דער קו טראָגן, וועט זי מיר געבן מילך. די מילך וועל איך צו דער קאַץ נעמען, וועט זי מיר אָפּגעבן מיין עק”. זאָגט דער מילנער:

„יאָ, איך וועל דיר געבן
מעל אויף ברויט,
נאָר אויב דו עסט עס אויף —
מאַך איך דיר דעם טויט”.

גיט דער מילנער מייזעלען מעל. דאָס מעל נעמט מייזעלע צום בעקער, גיט ער איר ברויט. דאָס ברויט ברענגט מייזעלע צום פּאַרמער, גיט ער איר היי. דאָס היי טראָגט מייזעלע אַוועק דער קו, גיט זי איר מילך. די מילך נעמט מייזעלע צו דער קאַץ, גיט די קאַץ מייזעלען אָפּ איר עק.

מייזעלע כאַפּט דעם עק
און לויפט אַוועק.





# באַלמעלאָכעס

ס׳אַרבעט דאָך יעדער,
ס׳דרייען די רעדער,
הענט העלפֿן צו;
ס׳קלאַפּן מאַשינען,
וועבן און שפּינען:
טו־טו־טו־טו!

סטאָליער קאָן מאַכן
הילצערנע זאַכן: —
אַלמער און טיש;
הובלען און זעגן
ברעטער מיט ברעגן:
ציש־ציש־ציש־ציש!

שניידער קאָן נייען,
שטעפּן און דרייען
גיך די מאַשין;
אַלערליי קליידער
שטעפּן כסדר (קעסיידער):
דזין־דזין־דזין־דזין.

מוזיק פון מיכל געלבאַרט. נ. גאָרעליק.



## ווי אַזוי רופט מען זיי? פיל אוים די ליידיקע ערטער.

א מאַן וואָס מאַכט א טיש, א שטול, א בעט איז א ——————

א מאַן וואָס נייט קליידער איז א ——————

א פרוי וואָס נייט קליידער איז א ——————

א מאַן וואָס נייט שיך איז א ——————

א מאַן וואָס פאַרזעצט גרינסן איז א ——————

א מאַן וואָס לעשט א ברענענדיק הויז איז א ——————

א מאַן וואָס גראָבט קוילן איז א ——————

א מאַן וואָס נייט היטלען איז א ——————

א מאַן וואָס באַקט ברויט, בייגל, זעמל איז א ——————

א מאַן וואָס מאַכט זאַכן פון אייזן איז א ——————

א מאַן וואָס לערנט מיט קינדער איז א ——————

א מאַן וואָס פאַרקויפט אין קראָם זאַכן איז א ——————

א מאַן וואָס כאַפּט פיש איז א ——————

א מאַן וואָס מאַכט פון ציגל ווענט איז א ——————

א מאַן וואָס מאָלט בילדער איז א ——————

א מאַן וואָס אַקערט, זייט, שניידט איז א ——————

א מאַן וואָס צעטראָגט בריוו איז א ——————

א מאַן וואָס מאַכט בלעכענע זאַכן איז א ——————

א מאַן וואָס קאָכט עסן איז א ——————

די זאַצן וואָס דו זעסט דאָ זיינען צעדרייט. שרייב זיי איבער ריכטיק.

דאָס וואַסער . . . ברענט אין אויוון. ______________________

דאָס בעט . . . גייט אין שול. ______________________

דאָס פייער . . . פליסט אין טייך. ______________________

די פען . . . זעגט אַ ברעט. ______________________

דער פויגל . . . שיינט בייטאָג. ______________________

די זעג . . . שרייבט מיט טינט. ______________________

דער עפּל . . . פליט אין דער לופטן. ______________________

דאָס יינגל . . . האָט פיר פיס. ______________________

די קאַץ . . . איז געמאַכט פון האָלץ. ______________________

די שיף . . . לעקט מילך פון שאָל. ______________________

דאָס העמד . . . וואַקסט אין גאָרטן. ______________________

די זון . . . שווימט אויפן טייך. ______________________

דער טיש . . . וואַקסט אויף אַ בוים. ______________________

דאָס קרויט . . . האָט געמאַכט די נייטאָרין. ______________________

# צוויי פֿאָלקס־לידלעך

## אין אַ קליין שטיבעלע

אין אַ קליין שטיבעלע
וואוינט אַן אַלטע יידענע
מיט אירע זיבן קינדער —
אַלע אויף בייז וואונדער:
מיט אַזוינע נעזער,
מיט אַזוינע אויגן,
מיט אַזוינע אויערן,
מיט אַזוינע קעפּ,
מיט אַזוינע האָר,
מיט אַזוינע בערד,
מיט אַזוינע בייכער,
מיט אַזוינע רוקנס,
מיט אַזוינע זייטן,
מיט אַזוינע פּיס,
מיט אַזוינע הענט.
גאָרנישט ניט געגעסן,
גאָרנישט ניט געטרונקען,
נאָר זיי טאַנצן, שפּרינגען,
לידער נאָר זיי זינגען.

## ציפּ, צאַפּ, עמערל

ציפּ, צאַפּ, עמערל,
קום צו מיר אין קעמערל,
כ׳וועל דיר עפּעס ווייזן, —
שיסעלעך פון אײַזן,
מילך אין די קריגעלעך,
קינדער אין די וויגעלעך.
האָלץ וועלן מיר האַקן,
בולקעס וועלן מיר באַקן.
טרינקען וועלן מיר וויין,
פריילעך וועלן מיר זיין.
וויין וועלן מיר טרינקען,
לידלעך וועלן מיר זינגען.
קרעפּלעך וועלן מיר עסן, —
אין קיינעם ניט פאַרגעסן.

שרייב אַן וואָס מע טוט מיט די זאַכן, וואָס ווערן דערמאָנט אין צווייטן לידל. צום ביישפּיל: אין אַן עמער האַלט מען וואַסער.



# אַ מעשה פון דריי ציגעלעך ווייסע

געווען אַ מאָל אַ ייִנגעלע,
אַ ייִנגעלע אַ קליינס,
וואָס האָט געהאַט דריי ציגעלעך,
דריי ווייסע — איינס און איינס,

וואָס האָבן פון פרימאָרגן אָן
ביז אין דער שפּעטער נאַכט
אין פעלד געשפּרונגען און געטאַנצט
און פריילעך דאָרט פאַרבראַכט.

און אַז עס פלעגט די שוואַרצע נאַכט
זיך אין פעלד פאַרקלייבן,
פלעגט ייִנגעלע די ציגעלעך
צוריק אַהיים פאַרטרייבן.

פּאַסירט אַ מאָל אַז ייִנגעלע
ברענגען גייט די ציגן,
ווילן זיי פון פעלד ניט גיין —
בלייבן דאָרטן ליגן.

ער בעט און רופט די ציגעלעך -
זיי ווילן אַלץ ניט גיין.
דאָ זעצט אַוועק זיך ייִנגעלע
ביים וועג מיט אַ געוויין.





פאַרביי לויפט גיך אַ העזעלע,
זעט עס ייִנגלס טרערן.
— וואָס וויינסטו ? — פרעגט דאָס העזעלע, —
זאָג נאָר, לאָמיך הערן.

דאָ רופט זיך אָפּ דאָס ייִנגעלע :
— איך וויין און וויין און וויין,
ווייל ס'ווילן ניט ציגעלעך
מיט מיר אַהיים היינט גיין.

— דאָס גאָר ? — צעלאַכט זיך העזעלע, —
איך טרייב זיי באַלד אַריין !
גייט העזעלע און בעט און טרייבט
און רעדט די ציגן איין.

די ציגעלעך זיי פאָלגן ניט.
ניין ! איין מאָל ניין און ניין !
זעצט העזעלע זיך אויך אַוועק, —
פלאַצט אויס אין אַ געוויין.

דאָ לויפט פאַרביי אַ פיקסעלע.
— וואָס וויינסטו, — פרעגט זי, — האָז ?
און די טרערן דיינע ביטערע
רינען אויף דער נאָז ?

דאָ ענטפערט אָפּ דאָס העזעלע :
— איך וויין און וויין און וויין,
ווייל ייִנגל וויינט, און ייִנגל וויינט,
ווייל ס'ווילן ניט די ציגעלעך
מיט אים אַהיים היינט גיין.





— דאָס גאָר ? — צעלאַכט זיך פּיקסעלע, —
איך טרייב זיי באַלד אַריין !
גייט פּיקסעלע און בעט און טרייבט
און רעדט די ציגן איין,

די ציגעלעך זיי פֿאָלגן ניט,
ניין ! איין מאָל ניין און ניין !
זעצט אויך אַוועק זיך פּיקסעלע, —
פּלאַצט אויס אין אַ געוויין.

דאָ לויפֿט פֿאַרביי אַ וועלפּעלע,
וועלפּעלע דער גרויער.
— וואָס ווינסטו ? — פֿרעגט עס פּיקסעלען, —
זאָג, וואָס איז דיין טרויער ?

באַלד ענטפֿערט אָפּ דאָס פּיקסעלע :
— איך וויין און וויין און וויין,
ווייל העזל וויינט. און העזל וויינט,
ווייל יינגל וויינט. און יינגל וויינט,
ווייל ס'ווילן ניט די ציגעלעך
מיט אים אַהיים היינט גיין.

— דאָס גאָר ? — צעלאַכט זיך וועלפּעלע, —
איך טרייב זיי באַלד אַריין !
גייט וועלפּעלע און בעט און טרייבט
און רעדט די ציגן איין.





די ציגעלעך זיי פאָלגן ניט.
ניין, איין מאָל ניין און ניין!
זעצט אויך אַוועק זיך וועלפּעלע, —
פּלאַצט אויס אין אַ געוויין.

דאָ פליט פאַרביי אַ בינעלע,
אַ בינעלע אַ ברויז.
— וואָס וויינסטו? — פרעגט עס וועלפעלע, —
דערצייל מיר אַלצדינג אויס.

דאָ רופט זיך אָפּ דאָס וועלפּעלע:
— איך וויין און וויין און וויין,
ווייל פּיקסל וויינט. און פּיקסל וויינט,
ווייל העזל וויינט. און העזל וויינט,
ווייל ייִנגל וויינט. און ייִנגל וויינט,
ווייל ס׳ווילן ניט די ציגעלעך
מיט אים אַהיים היינט גיין.

— דאָס גאָר? — צעלאַכט זיך בינעלע, —
צעלאַכט זיך אונדזער ברויז, —
אָט פלי איך שוין אין פעלד אַריין
און כ׳פאַרטרייב זיי באַלד אין הויז.

דאָ ווישן אַלע זאַלבעפערט
זיך גלייך די אויגן אויס
און שיסן אויפן גאַנצן פעלד
אין אַ געלעכטער
אויס.



— זי, בינעלע, זי, ברויזעלע,
זי פיצינקעלע העלד,
וועט בייקומען די ציגעלעך,
פאַרטרייבן פונעם פעלד ?

אַז ניט געקענט זיי בייקומען
האָט קיינער פון אונדז פיר !
איי, איי, איז דאָס אַ בינעלע,
וואָס זאָגט איר גאָר צו איר !

פליט בינעלע אין פעלד אריין,
איינס, צוויי, ניט לאַנג געטראַכט,
די ציגן אין די אויערן
בז־ז־ז־ז ! האָט זי געמאַכט.

בז־ז־ז־ז־ז־ז —
גענומען האָבן ציגעלעך
גלייך אַהיים זיך טראָגן,
קוים מיט די אויגן אָנצווזען,
קוים זיי צו דעריאָגן.

דערצייל איבער דאָס מעשהלע מיט אייגענע ווערטער

# אין וואַלד

היינט וועלן מיר גיין אין וואַלד,
מאָרגן וועלן מיר גיין אין פעלד.
אין וואַלד וואַקסן שוואַרצע יאַגדעס, —
וועלן מיר רייסן די שוואַרצע יאַגדעס.
אין פעלד וואַקסן ווילדע רויזן, —
וועלן מיר רייסן די ווילדע רויזן.
די יאַגדעס וועלן מיר אויפעסן,
פון די רויזן וועלן מיר פלעכטן קראַנצן.
די קראַנצן וועלן מיר אָנטאָן אויף די קעפּ,
אָנטאָן אויף די קעפּ און טאַנצן :

אָט אַזוי, אָט אַזוי, גייען מיר אין שול
זיך לערנען לייענען און שרייבן ;
אָט אַזוי, אָט אַזוי, גייען מיר אין פעלד
ווילדע רויזן קלייבן.

## אין שטאָט

איך וואוין אין אַ גרויסער שטאָט.
די שטאָט האָט אַ סך גאַסן.
די גאַסן האָבן אַ סך הייזער.
די הייזער האָבן אַ סך וואוינונגען.
די וואוינונגען האָבן אַ סך צימערן.
אין איינער פון די וואוינונגען איז אונדזער היים.

## ווינטער

ווינטער זון, שניי און ווינט,
דרויסן שטיפן ווינט און קינד.
מיט די שליטלעך אין די הענט,
בערגל שניי ווייס פינקלט, בלענדט.
באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ,
איינס נאָך איינס אין גאַלאָפּ.
אָנגעשליטלט, אָנגעפרוירן,
שיר־נישט־שיר דעם וועג פאַרלוירן.
וואָס מיר מיד, וואָס מיר רו —
און אָט פאַלט דער אָוונט צו.
אָט־אָ פאַלט דער אָוונט צו,
און עס רופט אַהיים די רו.

נפתלי גראָס

## ווער איז ער?

ניט קיין פייער, נאָר עס ברענט,
רייסט דעם אויער, כאָטש אָן הענט.

## ווער איז ער?

ניט קיין פּויער,
ניט קיין בויער.
ניט קיין סטאָליער,
ניט קיין שמיד.
אַרבעט, אַרבעט,
ווערט ניט מיד.



## בעני מיט דער פעני

דער ייִנגל בעני האָט געקראָגן אַ פּעני.

נו, האָט בעני גענומען די פּעני און גענומען גלייך לויפן און קראַם עפּעס קויפן.

און ער פאַרבייגעלאָפן אַ בעקעריי. האָט ער דאָרטן דערזען גוטע זאַכן — איי־איי־איי! האָט זיך אים פאַרוואָלט, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

טראַכט בעני: וואָס זאָל ער קויפן פאַר זײַן פּעני?

בעני גייט אַרײַן אין דער בעקעריי, ער ווײַזט אַ מיטן פינגער אויף אַ לעקעך, און פרעגט דעם מכח (מעקער):

— ווי טײַער?

— בראָנד־פײַער!

פרעגט בעני:

— און וויפל איז אַ שטיקל?

ענטפערט דער בעקער:

— נישט ווייניקער ווי אַ ניקל.

מאַכט בעני:

— איך האָב אָבער אַ פּעני!

— אַ פּעני איז נישט גענוג.

פרעגט בעני:

— און וואו זאָל איך נעמען מער ווי אַ פּעני?

— בעט ביי דײַן מאַמען!

— פון וואַנען האָט ער?

— מאַ בעט ביי דײַן ייִדן אַדער ביי דײַן באָבען.





— פֿון וואַנען זאָלן זיי האָבן ?

— טאָ גיי און פֿאַרדין !

— אַזוי קליין ווי איך בין ?

— אָ, וועסט קלענערע געפֿינען, וואָס גייען פֿאַרדינען !

— אָבער ביי וואָס קאָן איך פֿאַרדינען ?

— אַ דאגה (דייגע) ביי וואָס ! דו וועסט שוין געפֿינען. קענסט צייטונגען פֿאַרקויפֿן אָדער אַ גאַנג פֿאַר וועמען לויפֿן.

פֿרעגט בעני :

— וועמען זאָל איך צייטונגען פֿאַרקויפֿן און פֿאַר וועמען זאָל איך אַ גאַנג לויפֿן ?

— אויב דו האָסט ניט פֿאַר וועמען, וועל איך דיך נעמען.

און בעני איז געבליבן ביים בעקער אַרבעטן : אַ גאַנג געגאַנגען, די בייגל געהאַנגען, געריבן דעם מאָן און אַנדערע זאַכן געטאָן.

ער האָט אָפּגעאַרבעט דעם טאָג, האָט אים דער בעקער געגעבן פּונקט אַכצן פּענים און געהייסן אים אויך מאָרגן קומען.

בעני איז מיט די אַכצן פּענים אַהיים געקומען, פֿרעגט אים דער טאַטע און עס פֿרעגט אים די מאַמע :

— וואו האַסטו דאַס גענומען ?

ער האָט זיי דערציילט די גאַנצע מעשה פֿון אָנהייב ביז סוף און פֿון א ביז ת.

און אַזוי איז געבליבן. בעני איז געגאַנגען אַלע טאָג צום בעקער אַרבעטן : אַ גאַנג געגאַנגען, די בייגל געהאַנגען, געריבן דעם מאָן און אַנדערע זאַכן געטאָן.





# משהלע

משהלע וואָלט זייער געוואָלט האָבן אַ פֿייגעלע!

נאָר ווי אַזוי כאַפּט מען אַ פֿייגעלע?

עס היפּט איבער דער גאַס, און קוים גיסטו זיך אַ ריר — פֿליט פֿייגעלע אַוועק.

מאַכט זיך אַן עלטערער חבר (כאַווער) פֿון אים שפּאַס:

— נעם אַן אַ ביסעלע זאַלץ און וואַרף עס אויפֿן עקעלע...

פֿוילט זיך נישט משהלע, גייט אין קיך אַריין, ליידיקט אויס דאָס גאַנצע זאַלצמעסטל און לויפֿט אַרויס כאַפּן פֿייגעלעך.

ער דערהערט: ציף־ציף! — אַ פֿייגעלע! גיט אַ וואַרף אַ פֿולע האַנט זאַלץ. דאָס זאַלץ האָט אָבער דאָס פֿייגעלע נישט דערגרייכט: דאָס פֿייגעלע איז פֿריער אַוועקגע־פֿלויגן.

ווייזט אויס — טראַכט משהלע — אַ פֿייגעלע האָט אַ שאַרף אויער און דערהערט טריט פֿון דער ווייטנס.

טוט משהלע אויס די שטיוול און שטעלט זיי אַוועק אַן אַ זייט פֿון געסל און הייבט אָן נאָכצולויפֿן באָרוועס און — אויף די שפּיץ פֿינגער.

אַ שטיק צייט איז ער אַזוי נאָכגעלאָפֿן אַלע מאָל אַן אַנדער פֿייגעלע — אומזיסט. ביז משהלע איז מיד גע־



וואָרן. אויסגעשאָטן דאָס רעשט ביסל זאַלץ פון קעשענע און גייט אַהיים.

ער קומט צו צום אָרט פאַרן הויז, וואו ער האָט די שטיוועלעך געשטעלט — נישטאָ קיין שטיוועלעך.

און געווען נייע שטיוועלעך. דאָס וועט אים דער טאַטע נישט שענקען. האָט ער מורא (מוירע) אַריינצוגיין...

שטיי היינט, שטיי מאָרגן, אַהיים קומען מוז מען דאָך. קומט ער צו דער שטוב צו, הערט ער, ווי די שוועסטער רופט צו דער מוטער:

— מאַמע, כ'וויל זאַלצן דאָס פלייש, קיין זאַלץ איז נישטאָ!

— געווען — ענטפערט די מוטער — אַ פול זאַלצ־מעסטל מיט זאַלץ...

— געווען, געמוזט עמעץ גאַנווענען...

— אוי! — כאַפּט עס אַן משהלען ביים האַרץ:

איך האָב געמיינט, אַז מען האָט מיך באַגאַנוועט, צום סוף גאָר הער איך, אַז איך בין אַ גנב (גאַנעוו)!

י. ל. פרץ.

## ש ו ס ט ע ר

— שוסטער, שוסטער נייסט אונדז שיך.
האָסטו אויך אַ פּאָר פאַר זיך?
— ניין, ס'איז פאַר זיך ניטאָ קיין צייט,
ווייל איך ניי פאַר פרעמדע לייט.



# אַ גוטע נאַכט־מעשה

### א

נאַכט. קינדער גרייטן זיך שלאָפן גיין. טוט יינגעלע אויס זיינע קליידער, טוט אויס שיך און זאָקן, לייגט אַלץ אַוועק אויף אַן אָרט, קריכט אריין אין זיין נאַכט־העמדל און וואַשט זיך אײן ריין. נעמט די מאַמע יינגעלען אויף די הענט און זי דערציילט אים אַ מעשה.

### ב

אויפן הויף זיצט העזל־קורץ־נעזל, זיצט אין אַ ווינקל און טראַכט:

— שוין צייט שלאָפן פאַר העזעלעך. אָבער ווי קען איך גיין שלאָפן, איידער איך זאָג יינגעלען אַ גוטע נאַכט. יינגעלע איז אַ גוטער. ער גיט מיר בלעטלעך קרויט און ער שרעקט מיך קיין מאָל ניט.

און מיט אַ שפרונג און אַ לויף און אַ יאָג איבערן הויף איז העזל שוין לעבן יינגעלע.

און יינגעלע זיצט ביי מאַמען אויף די הענט און הערט, ווי זי דערציילט אָט די מעשה:

אײן קליין העזל, וואָס דער טאַטע
האָט געבראַכט, בראַכט, בראַכט,
איז געקומען זאָגן אונדזער יינגעלע
אַ גוטע נאַכט, נאַכט, נאַכט.

### ג

אין קיך אונטערן טיש זיצן צוויי קעצעלעך, זיצן און מורקען שטיל:

— שוין צייט שלאָפן פאַר קעצעלעך. אָבער ווי קע־נען מיר גיין שלאָפן, איידער מיר זאָגן יינגעלען אַ גוטע





נאַכט. יינגעלע איז אַ גוטער. ער גיט אונדז מילך אין אַ שאָל און ער גלעט אונדז די רוקנס.

טרעטן קעצעלעך שטיל־שטיל אַרויס פֿון קיך און שוין זיינען זיי לעבן יינגעלע.

און יינגעלע זיצט ביי מאַמען אויף די הענט און הערט, ווי זי דערציילט אָט די מעשה:

איין קליין העזל, וואָס דער טאַטע
האָט געבראַכט, בראַכט, בראַכט;
צוויי שטילע קעצעלעך מיט פֿעלעכלעך
אַ פֿראַכט, פֿראַכט, פֿראַכט,
קומען זאָגן אונדזער יינגעלע
אַ גוטע נאַכט, נאַכט, נאַכט.

ד

ביים גאַניק ליגן דריי הינטעלעך. הינטעלע ווייס־פֿינטעלע, הינטעלע יאָג־ווינטעלע און הינטעלע שוואַרץ־טינטעלע. ליגן און באַוואַכן די שטוב און בורטשען צווישן זיך:

— שוין צייט שלאָפֿן פֿאַר הינטעלעך. אָבער ווי קענען מיר גיין שלאָפֿן, איידער מיר זאָגן יינגעלען אַ גוטע נאַכט. יינגעלע איז אַ גוטער. ער גיט אונדזביינער און לויפֿט מיט אונדז אַרום.

און מיט אַ לויף און אַ יאָג און אַ שפּרונג און אַ טראָג זיינען זיי שוין לעבן יינגעלע.

און יינגעלע זיצט ביי מאַמען אויף די הענט און הערט ווי זי דערציילט אָט די מעשה:



איין קליין העזל, וואָס דער טאַטע
האָט געבראַכט, בראַכט, בראַכט;
צוויי שטילע קעצעלעך מיט פֿעלעכלעך









אַ פּראַכט, פּראַכט, פּראַכט;
דריי שיינע הינטעלעך אַלע מאָל
געוואַכט, וואַכט, וואַכט,
קומען זאָגן אונדזער יינגעלע
אַ גוטע נאַכט, נאַכט, נאַכט.

ה

אויפן טייכל שווימען פיר גענדזעלעך פאַרטראַכט.

— ש־ש־ש־ש! — זאָגט גענדזעלע־פרענדזעלע צו אירע שוועסטערלעך,—שוין צייט שלאָפן פאַר גענדזעלעך. אָבער ווי קענען מיר גיין שלאָפן, איידער מיר זאָגן יינגעלען אַ גוטע נאַכט. יינגעלע איז אַ גוטער. ער גיט אונדז קערנדלעך און האָט ליב צו קוקן, ווי מיר שווימען אויפן טייך.

און מיט אַ שפּרייז און אַ קרייז זיינען זיי שוין לעבן יינגעלע.

און יינגעלע זיצט ביי מאַמען אויף די הענט און הערט, ווי זי דערציילט אָט די מעשה:

איין קליין העזל, וואָס דער טאַטע
האָט געבראַכט, בראַכט, בראַכט;
צוויי שטילע קעצעלעך מיט פעלעכלעך
אַ פּראַכט, פּראַכט, פּראַכט;
דריי שיינע הינטעלעך אַלע מאָל
געוואַכט, וואַכט, וואַכט;
פיר גענדזעלעך שווימען אויפן טייך
פאַרטראַכט, טראַכט, טראַכט,
קומען זאָגן אונדזער יינגעלע
אַ גוטע נאַכט, נאַכט, נאַכט.







ו

אויפן פלויט זיצן פינף הענער און קרייען, קרייען מיט פאַרשלאָפענע אייגעלעך:

— שוין צייט שלאָפן פאַר הענער. אָבער ווי קענען מיר גיין שלאָפן, איידער מיר זאָגן יינגעלען אַ גוטע נאַכט. יינגעלע איז אַ גוטער. ער גיט אונדז ברעקלעך ברויט און יאָגט זיך ניט נאָך אונדז.

און אַרונטער פון פלויט גיך־גיך, און שוין זיינען זיי לעבן יינגעלע.

און יינגעלע זיצט ביי מאַמען אויף די הענט און הערט, ווי זי דערציילט אָט די מעשה:

איין קליין העזל, וואָס דער טאַטע
האָט געבראַכט, בראַכט, בראַכט;
צוויי שטילע קעצעלעך מיט פעלעכלעך
אַ פראַכט, פראַכט, פראַכט;
דריי שיינע הינטעלעך אַלע מאָל
געוואַכט, וואַכט, וואַכט;
פיר ווייסע געגדזעלעך אויפן טייך
פאַרטראַכט, טראַכט, טראַכט;
פינף הענער קרייען מיט אייגעלעך
פאַרמאַכט, מאַכט, מאַכט,
קומען זאָגן אונדזער יינגעלע
אַ גוטע נאַכט, נאַכט, נאַכט.

לויט יודאַרא באַמסטעד.

# דריי באַלמעלאָכעס

## אַ שניידערל



בין איך מיר אַ שניידערל,
רופט מען מיך רב גאָדל;
צי איך מיר אַזוי אַריין
אַ פֿאָדעם אין אַ נאָדל.

כ׳מאַך אין עק אַ קניפּעלע —
ניי און ניי כסדר (קעסיי־
דער);
אָט־אַזוי און אָט־אַזוי
ניי איך מיר די קליידער.
טוריי־ריי!
טוריי־ריי!
ניי איך מיר די קליידער.

## אַ שוסטערל



בין איך מיר אַ שוסטערל,
רופט מען מיך רב מיכל;
נעם איך מיר אַזוי דעם אָל
און שטעך אַריין אין שיכל.

ווערט אין זויל אַ לעכעלע,
שטעק איך אַן אַ טשוועקל.
אָט־אַזוי און אָט־אַזוי
קלאַפּ איך מיטן העקל.

קלאַפּ און קלאַפּ!
קלאַפּ און קלאַפּ!
קלאַפּ איך מיטן העקל.

מוזיק פון י. גלאדשטיין



## א בעקערל



א. קאַצענעלנזאָן.

בין איך מיר אַ בעקערל,
רופט מען מיך רב לעמל;
קנעט איך מיר דאָס טייג גוט
אויס
און שנייד די ברויט און זעמל.

כ'לייג זיי אויף דער לאָפּעטע,
געשוואָלענע פון הייוון;
אַט־אַזוי און אַט־אַזוי
רוק איך זיי אין אויוון.

באַלד אַריין
און באַלד אַרויס
הין און צוריק פון אויוון.

## דער שיכפּוצער

אַט שטייט אַ קליין יינגעלע.
לעבן יינגעלע שטייט אַ קעסטל פון האָלץ.
אין קעסטל ליגן עטלעכע בערשטלעך.
דאָרט ליגט שואוואַקס, שוואַרצע און ברוינע.
דאָרט ליגן אויך שטיקלעך טוך.
דאָס יינגעלע איז אַ שיכפּוצער.
אַ גאַנצן טאָג פּוצט ער יענעמס שיך.
ער שטייט אויף די קני און פּוצט.
ער איז אַ פריילעך יינגעלע.
ער פּוצט און זינגט:

איך פּוץ אַ גאַנצן טאָג און פּוץ
שיך און שיכעלעך אַ טוץ.
היי, גלאַנץ, שיכעלע, גלאַנץ.
היי, טאַנץ, שיכעלע, טאַנץ.

# משה רבנו

משה רבנו האָט געפּיטערט שאָף. האָט אַ קליין, שיין שעפּסעלע פלוצלונג אָנגעהויבן לויפן. גיך־גיך איז דאָס שעפּסעלע געלאָפן. משה רבנו האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך דעם, ווייל ער האָט געמיינט, אַז דאָס שעפּסעלע וויל אַ שטיף טאָן און אַנטלויפן אין דער וויסטעניש. ערשט וואָס ? דאָס שעפּסעלע איז געבליבן שטיין ביי אַ קוואַל, האָט געטרונקען פון קלאָרן וואַסער און דעם דאָרשט גע־לאָשן. משה רבנו האָט דאָס מידע שעפּסעלע גענומען אויף די פּלייצעס און דעם גאַנצן וועג געטראָגן דאָס באַשעפעניש.

פון מיין יידיש-בוך

## אליהו הנביא

אליהו הנביא איז אַ גוטער, אַי, אַ גוטער!
איין מאָל קומט ער אין אַ שטוב אריין, בעט מען זיצן:
— זיצט, רב אליהו הנביא, זיצט אַ ווײַלע.
גלעט ער זיך דאָס ווייסע בערדל:

— טאַקע נאָר אויף אַ ווײַלע,
כ׳האָב גאָרנישט קיין צייט... נאָר
אַפּצועטעמען.

— וואָס טראָגט איר עס אויף
די פּלייצעס, רב אליהו?

— איר זעט דען נישט? אַ
זעקעלע.

— וואָס טראָגט איר אינעם
זעקעלע? שווערע זאַכן? אייזן,
קופּער?

— ניין, ניין! לייכטע זאַכן,
גוטע זאַכן: ראָזשינקעלעך,
מאַנדעלעך און פייגעלעך זיסע!



— איר האַנדלט דערמיט, רב אליהו ?

— ניין, איך האַנדל נישט. דאָס טראָג איך מתנות (מאַטאָנעס) פאַר גוטע קינדערלעך, וואָס שטיפן נישט צו פיל, עסן צו דער צייט, גייען שלאָפן צו דער צייט און לאָזן זיך אָפּוואַשן פאַרן שלאָף... גיי איך פון שטוב צו שטוב, דעם — אַ ביסעלע, יענעם אַ ביסעלע !

— און אינעם גאַרטל וואָס האָט איר אריינגעשטעקט ?

שמייכלט ער מיט די אויגן :

— אַ ריטעלע ! איר זעט דען נישט ? אַ ריטעלע צו שמייסן...

— וועמען צו שמייסן, רב אליהו ?

— קינדערלעך, וואָס האָרכן נישט, וואָס עסן נישט צו דער צייט, וואָס גייען נישט שלאָפן צו דער צייט, וואָס ווילן נישט רואיק ליגן אין בעטעלע, וואָס וויינען... און, דער עיקר, (איקער) — וואָס האָבן מורא (מוירע) פאַר קאַלט וואַסער און לאָזן זיך נישט אָפּוואַשן פאַרן שלאָפן גיין.

— שמייסט איר זיי ?

גלעט ער זיך דאָס ווייס בערדעלע מיטן קליינעם הענטעלע.

— אַי, — שמייכלט ער אויפן גאַנצן פּנימל — אַזוי געשווינד ? מע זאָגט איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל...

— און אַז מע פאָלגט נישט ?

— זאָגט מען דאָס פערטע, דאָס פינפטע מאָל. ביז אַ ייִנגעלע אָדער אַ מיידעלע שלאָפט איין... אַ מאָל — זיפצט אָפּ רב אליהו — מוז מען געבן אַ שמיצעלע אויך. נישט ווי צו טאָן, נאָר גלאַט אַזוי, צום פאַרשעמען...

— אָבער געוויינטלעך — שמייכלט ער ווידער — שלאָפט מען איין... היינטיקע קינדערלעך — פיינע קינדערלעך.

י. ל. פּרץ.



מאַך אַ שפּיל פון דער מעשה.

# אַ מעשה מיט צוויי פֿישעלעך

(ווײַדעלע־פֿרעסער און גראָב־בײַכעלע)

אין אַ בלויען טײַכל האָבן בײַ טאַטע־מאַמע געלעבט צוויי קלײנע  . האָט איינס געהייסן „־פֿרעסערל" און דאָס צווייטע — „גראָב־בײַכעלע".

יעדן פֿרימאָרגן פֿלעגן זיי, דאָס ברודערל מיטן שוועסטערל, אַזעקשווימען אין  אַריין. דאָרטן האָבן זיי זיך געלערנט, ווי אַזוי זיך צו היטן פֿאַר גרויסע  פֿאַר  און אַנדערע שונאים.

אין איין שיינעם פֿרימאָרגן, ווען זיי זײַנען שוין געווען גרייט זיך צו לאָזן אין  אַריין, האָט זייער מאַמע זיי דערלאַנגט אַ פּעקעלע עסן, אײַנגעוויקלט אין אַ גרין  פֿון אַ וואַסער ליליע, און געזאָגט: „געדענקט, קינדערלעך! שווימט גלײַך אין  אַריין. שטעלט זיך אין ערגעץ ניט אָפּ. ווערט איר זען אַ פֿעטן וואָרעם אָדער אַ , לאָזט זיי צורו, ווײַל קיין גוטס וועט פֿון דעם ניט אַרויסקומען.

די צוויי  האָבן צוגעזאָגט דער מאַמען זי צו פֿאָלגן און זיך געלאָזט אין וועג אַריין. עס איז שוין געווען אַביסל שפּעטלעך, און שוועסטערל מיט ברודערל האָבן זיך שנעל געיאָגט אין  אַריין.

פּלוצלונג האָט „־פֿרעסערל" דערזען אַ פֿעטן . פֿאַרגעסן האָט עס דער מאַמעס רייד און שנעל צוגעשוואומען צום . עס דרייט מיטן  און זאָגט: „ווער שרעקט זיך פֿאַרן גרויסן, פֿעטן וואָרעם!"

„גראָב־בײַכעלע" האָט באַמערקט, ווי פֿרעסערל עפֿנט דאָס מויל. האָט זי געוואָלט שרייען. עס איז אָבער געווען צו שפּעט. ־פֿרעסערל האָט שוין געהאַלטן דעם וואָרעם אין מויל. האָט זי אַ שפּרונג געטאָן און אָנגעכאַפּט איר ברודערל פֿאַרן  .

— טאַטע! טאַטע! זע נאָר, זע, צוויי  געכאַפּט! — האָט אַ  ביים

ברעג טייך מיט פרייד אויסגערופן. דאָס  האָט אַהיים געבראַכט די 

אין אַ  אַריינגעלייגט און וואַסער אָנגעגאָסן.

די צוויי  זײַנען אומעטיק אַרומגעשוואומען אין דעם , געבענקט נאָך טאַטע־מאַמע און ביטער געוויינט.

דעם אַנדערן פרימאָרגן האָט די ליכטיקע  אירע וואַרעמע  געשיקט זיך צו שפּילן מיט די .

פון דער  איז דאָס וואַסער אויסגעטריקנט געוואָרן, און די  זײַנען שיר ניט פאַרברענט געוואָרן פון היץ.

נאַכט איז געקומען. עס האָט אָנגעהויבן צו  אַ שטאַרקער ווינט. דער הימל איז באַדעקט געוואָרן מיט  און אַ  האָט געגאָסן ווי פון .

די  האָבן זיך דערקוויקט פונם פרישן רעגן. דאָס  איז געוואָרן פול און אַריבער די ברעגן.

אָט זײַנען שוין די  אַרויסגעשוואומען פון  און מיטן וואַסער־שטראָם אַוועקגעטראָגן געוואָרן צום בלויען טײַכעלע וואו זייער היים איז געווען.

עס איז שוין געווען שטאָק נאַכט. אַלע אין טײַך זײַנען שוין געשלאָפן.

זײַנען „ווידעלע־פּרעסערל" און „גראָב־בײַכעלע" צוגעשוואומען צו טאַטע־מאַמעס  אָנגעקלאַפּט אין  און שטיל אויסגערופן:

מאַמע! טאַטע! אײַערע קינדערלעך זײַנען דאָ!

גלײַך האָט דער טאַטע דאָס  געעפנט, די פישעלעך אין שטוב אַריינגענומען — און פרעגט שוין ניט ווי גרויס די פרייד איז דאָרטן געווען.

פון דעמאָלט אָן האָבן זיך שוין די  ניט אָפּגעשטעלט אויפן וועג, נאָר גלײַך אין 

אַריין געשוואומען, ווי אַלע גוטע .

ריימאָנד געבינער.

**שרײַב אַריין אין די שורות די נעמען פון אַלע בילדער אין דער מעשה.**

# לעמעך גייט אין שול זיך לערנען

לעמעך קומט צום ערשטן מאָל אין שול. דער לערער האָט אים געגומען אויספרעגן.

דער לערער: ווי הייסטו, יינגעלע?

לעמעך: איך היים ניט.

לערער: ניין, איך מיין, ווי רופט מען דיך?

לעמעך: קיינער רופט מיך ניט.

לערער: איך פרעג, וואָס איז דיין נאָמען?

לעמעך: אָ, דאָס ווילט איר וויסן? מיין נאָמען איז לעמעך.

לערער: ווי אַלט ביזטו?

לעמעך: איך בין נאָך ניט אַלט.

לערער: איך וויל וויסן, ווי לאַנג לעבסטו שוין אויף דער וועלט?

לעמעך: אָ, דאָס מיינט איר? ניין יאָר.

לערער: וואָס איז דיין טאַטע?

לעמעך: ער איז קראַנק.

לערער: ניין, איך מיין, וואָס טוט ער?

לעמעך: ער הוסט.

לערער: איך פרעג, וואָס טוט ער ווען ער איז ניט קראַנק און ער הוסט ניט?

לעמעך: טוט ער זיך אָן און גייט צו דער אַרבעט.

לערער: ביי וואָס אַרבעט ער?

לעמעך: ביי אַ טיש.

לערער: וואָס אַרבעט ער ביים טיש?

לעמעך: וואָס מע גיט אים.

לערער: אָבער וואָס פאַר אַן אַרבעט גיט מען אים?

לעמעך: וואָס ס'איז נאָר פאַראַן.

לערער: ניין, לעמעך, איך וויל וויסן פון וואָס באַשטייט זיין אַרבעט?

לעמעך: ער שטייט ניט ביי דער אַרבעט. ער זיצט.

לערער: איז ביי וואָס פאַר אַן אַרבעט זיצט ער?

לעמעך: כ'האָב דאָך שוין געזאָגט: ביי וואָס ס'איז פאַראַן.

לערער: וואָס-זשע פאַר אַן אַרבעט איז פאַראַן?

לעמעך: פון וואַנען זאָל איך וויסן?

לערער: נו, זאָל זיין אַזוי. זעץ זיך, לעמעך. מיר לערנען איצט רעכענען. (צום קלאַס) ווער ווייס וויפל איז אַ העלפט פון פינף?

לעמעך: איך ווייס, לערער, צוויי! (דער קלאַס לאַכט).

לערער: ס'איז צו ווייניק.

לעמעך: דריי.

לערער: ניין, ס'איז צופיל.

לעמעך טראַכט, טראַכט און טראַכט.

**לערער:** נו, וואָס שוויגסטו, לעמעך?

**לעמעך:** אַז איר זײַנט ניט צופרידן. זאָג איך צוויי, איז ווייניק, זאָג איך דריי, איז צופיל.

**לערער:** (שמייכלט) נו, ציילן קענסטו, לעמעך?

**לעמעך:** אוודאי. (ציילט אויף די פינגער) איינס, צוויי, דריי, פיר.

**לערער:** צייל אויפן קאָפּ.

**לעמעך:** ווי קען מען ציילן אויפן קאָפּ? איך האָב דאָך בלויז איין קאָפּ.

**לערער:** נו, גענוג מיט רעכענען. מיר וועלן איצט שרײַבן. (דער קלאַס שרײַבט. לעמעך טוט עפּעס אין זײַן העפט).

**לערער:** וואָס טוטסו, לעמעך?

**לעמעך:** איך שרײַב אַ בריוול.

**לערער:** דו קאָנסט דאָך נישט שרײַבן?

**לעמעך:** ס'מאַכט ניט אויס, לערער, דאָס שרײַב איך צו צעמעכן, ער קען סײַ־ווי ניט לייענען.

## לעמעך אין שול

**דער לערער:** לעמעך, פאַרוואָס האָב איך דיך נעכטן ניט געזען אין שול?

**לעמעך:** ווײַל איך בין ניט געווען.

**דער לערער:** זאָג נאָר, לעמעך, זײַנען דאָ בײַ דײַן טאַטע־מאַמע נאָך קינדער?

**לעמעך:** ניין, לערער, איך בין אַלע קינדער, וואָס מיר האָבן.

**לערער:** (צום קלאַס) רעכנט אויס זיבן ווילדע חיות, וואָס לעבן אין אַפריקע.

**לעמעך:** (שפּרינגט אויף) איך ווייס, לערער! פיר לייבן און דריי טיגער. (דער לערער און דער קלאַס לאַכן).

**לעמעך:** (ברוגז) וואָס לאַכט איר, לערער? איר ווייסט אויך ניט אַלצדינג.

**לערער:** (פאַרחידושט) וואָס מיינסטו, לעמעך?

**לעמעך:** אַט האָט איר מיר נעכטן געפרעגט, ווער ס'איז משה רבנו.

## ווער איז ער?

עס האָט ניט קיין פיס און גייט,
עס האָט ניט קיין מויל און ציילט,
עס האָט ניט קיין הענט און שלאָגט.

לערן זיך ציילן. צייל פֿון איינס ביז הונדערט. לייג אויס די ציפֿערן מיט געשריבענע אותיות: איינס, צוויי, דריי.

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 40 | | 21 | | 11 | | 1 |
| | 50 | | 22 | | 12 | | 2 |
| | 60 | | 23 | | 13 | | 3 |
| | 70 | | 24 | | 14 | | 4 |
| | 80 | | 25 | | 15 | | 5 |
| | 90 | | 26 | | 16 | | 6 |
| | 100 | | 27 | | 17 | | 7 |
| | 1000 | | 28 | | 18 | | 8 |
| | $\frac{1}{4}$ | | 29 | | 19 | | 9 |
| | $\frac{1}{2}$ | | 30 | | 20 | | 10 |

## מיין הונט און איך

מיין הונט און איך —
חברים צוויי.
ער גייט מיר נאָך,
וואוהין איך גיי.

ער לויפט מיר נאָך,
וואוהין איך לויף;
איך וואַרף אַ באַל —
כאַפּט ער דאָס אויף.

ער שפּרינגט אויף מיר
און וואַרפט מיך אום.
ער בילט אויף מיר
און רופט מיך: קום!

ער בייסט מיין האַנט
און ס'טוט ניט וויי.
מיין הונט און איך —
חברים צוויי.

## אויף דער הוידע

### א

**הוידע, הוידע, הוידלקע,**
**פּיסלעך אין דער הויך.**
**ווייסע קליינע טייבעלעך**
**פליען אין דער הויך.**

### ב

**העכער, העכער, הוידלקע,**
**באַלד איז שוין דער הימל.**
**נאָך אַביסל, נאָך אַביסל**
**ריר איך אָן דעם הימל.**

משה שיפרים.

מוזיק פון מיכל געלבאַרט.



## די פראַש

געווען איז אַ פראָש מיט אַ גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ־קוואַ.
מיט אַ שירצל אַ ווייסן פון פאַרנט פאַרשפרייט,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ.
זיין קאַמער געפלאַסטערט מיט גרינעם אַאיר,
קוואַ־קוואַ.
פון שטראַלן די פענצטער, פון וואַסער די טיר,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ.
פונעם ברעג אינעם טייך און פון טייך אויפן ברעג,
קוואַ־קוואַ.
אַ זונג און אַ שפרונג, — אַזוי גייען די טעג,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ.
ביז געקומען אַ בושל איז אַ הויכער צוגיין,
קוואַ־קוואַ.
מיט די פיס ווי די שפענער, דער שנאָבל ווי שטיין,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ.
האָט גענומען די פראָש מיטן גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ־קוואַ.
און די קינדערלעך זיינע אַ סעודה (סודע) געגרייט,
קוואַ־קוואַ, קוואַ־קוואַ.

יהואש.

## דאָס ליד פון ברויט

פאַר די הענטלעך און די רינגען
קליינע, שיינע קינדער זינגען:
גאָט געטרייער, גיב אַ רעגן
פון די קליינע קינדערס וועגן.
ווייזט אַ וואָלקן זיך פון אויבן,
נעמען זיך די פעלדער שטויבן
און ווי פערל רעגן ריין:
טריף־טראָפּ, טריף־טראָפּ, הייבט אָן גיין.

מאַני לייב.

# די ליכט

— הערשעלע, — האָט געזאָגט די מאַמע, — גיי אין קראָם און קויף מיר צוויי ליכט.

— איך וויל ניט, — האָט הערשעלע געענטפערט.

— אָבער איך דאַרף האָבן פיר ליכט און איך האָב בלויז צוויי, — האָט די מאַמע געזאָגט.

— נו, ווייסטו ניט וואָס מע טוט? — האָט הערשעלע געענטפערט, — שטעל אַוועק די ליכט פאַרן שפיגל, וועסטו האָבן פיר.

די מאַמע האָט גאָרניט געענטפערט. זי האָט זיך געווענדט צו איר טעכטערל און האָט געזאָגט:

— ריוועלע, זיי אַזוי גוט און גיי קויף מיר צוויי ליכט.

ריוועלע איז גלייך געלאָפן אין קראָם אַריין און געבראַכט צוויי ליכט.

מיטאָג צייט האָט די מאַמע געגעבן די קינדער פלוימען. ריוועלען האָט זי געגעבן זעקס פלוימען און הערשעלען דריי.

— מאַמע, זע נאָר, האָסט ריוועלען געגעבן זעקס פלוימען און מיר — נאָר דריי, — האָט זיך הערשעלע באַקלאָגט.

די מאַמע האָט געגעבן אַ שמייכל און האָט געענטפערט:

— נו, ווייסטו ניט וואָס מע טוט? לייג די פלוימען אַוועק פאַרן שפיגל, וועסטו האָבן זעקס.

הערשעלע האָט זיך פאַרשעמט און איז רויט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָט ער אַלע מאָל געפאָלגט די מאַמע, ווען זי האָט אים עפּעס געבעטן.

פון מיין יידיש בוך.

דערציילט דאָס זעלבע מעשהלע פאַרקערט, דאָס הייסט:
ריוועלע האָט ניט געפאָלגט און הערשעלע האָט יאָ געפאָלגט.

## װער סע װיל עסן, טאָר אין אַרבעט נישט פאַרגעסן

פּום!

— איין קלאַפּ... װער איז?

— דער מאָנטיק.

— װאָס האָסטו געבראַכט?

— האָלץ פאַרן אויװן.

— קום אַריין, מאָנטיק, און הייץ איין דעם אויװן.

— פּום, פּום!

— צװיי קלעפּ... װער איז?

— דער דינסטיק.

— װאָס האָסטו געבראַכט?

— מעל און צוקער, פּוטער און צימערינג.

— קום אַריין, דינסטיק, און פאַרקנעט די קוכנס.

— פּום, פּום, פּום!

— דריי קלעפּ... װער איז?

— דער מיטװאָך.

— װאָס האָסטו געבראַכט?

— אַ היטל און אַ פאַרטעך און פּענדלעך פאַרן אויװן.

— קום אַריין, מיטװאָך און שטעל זיך באַקן די קוכנס.

פּום, פּום, פּום, פּום!

— פיר קלעפּ... װער איז?

— דער דאָנערשטיק.

— װאָס האָסטו געבראַכט?

— אַ פייערצװאַנג און אַ שטעכער פאַר די קוכנס.

— קום אַריין, דאָנערשטיק, און גיב אַכטונג אויפן פייער און אויף די קוכנס, װאָס באַקן זיך.

פּום, פּום, פּום, פּום, פּום!

— פינף קלעפּ... װער איז?

— דער פרייטיק.

— װאָס האָסטו געבראַכט?

— אַ לאָפּעטע אַראָפּצונעמען די פּענדלעך און וואַ־
סער צו פאַרלעשן דאָס פייער.

— קום אַריין, פרייטיק, און נעם אַראָפּ די קוכנס און
פאַרלעש דאָס פייער.

פּום, פּום, פּום, פּום, פּום, פּום!

— זעקס קלעפּ... אין איין אָטעם! ווער איז?

— דער שבת (שאַבעס).

— וואָס האָסטו געבראַכט?

— טאַצן צו דערלאַנגען צום טיש.

— קום אַריין, שבת, און שטעל אַוועק די קוכנס אויפן
טיש.

פּום, פּום, פּום, פּום, פּום, פּום, פּום!

— זיבן קלעפּ... ווי אומגעדולדיק! ווער איז?

— דער זונטיק.

— וואָס האָסטו געבראַכט?

— אַ גרויסן אַפּעטיט צום עסן.

— האַ, האַ! עסן אומגעאַרבעט? בלייב הינטער
דער טיר און וואַרט, ביז אַלע וועלן אָפּעסן.

— אויב מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך, דאָנערשטיק,
פרייטיק און שבת וועלן עסן פריער, איז וואָס וועלן זיי
שוין איבערלאָזן?

— אַ גרויסן אַפּעטיט צום עסן.

יידיש: ליטמאַן.

## אַ וואָך מיט אַרבעט

איך בין געזעסן זונטיק
און געטראַכט מאָנטיק
צו פאָרן דינסטיק.
האָב איך באַרעכנט מיטוואָך,
ווי קען מען פאָרן דאָנערשטיק,
אַז פרייטיק איז שוין באַלד שבת?

לויט באַסטאַמסקי.

## מאַי

ווידער איז דער מאַי געקומען,
מיט זיין צויבער, מיט זיין פּראַכט;
אַלע גראָזן, אַלע בלומען
האָבן ווידער אויפגעוואַכט.
ווידער בליט עס אויף די פעלדער,
ווידער גרינט עס אין די וועלדער,
ווידער גלאַנצט עס אומעטום —
יעדעס בלעטל, יעדע בלום.

מאָריס ראָזענפעלד.

## דער ערשטער מאַי ביי אונדז אין שול

ביי אונדז אין שול האָבן זיך אַלע געגרייט צום ערשטן מאַי. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט אַ סך נייע לידער, אַר־בעטער־לידער, און דער לערער האָט אונדז דערציילט וועגן ערשטן מאַי. מיר האָבן געבראַכט גרויסע טאָוולען פּאַפּיר, און מיט רויטע טינט האָבן מיר געמאַכט אויפ־שריפטן מיט גרויסע אותיות. איין אויפשריפט האָט זיך געלייענט:

### זאָל לעבן דער ערשטער מאַי!

אַ צווייטער אויפשריפט, מיט גאָר גרויסע אותיות, האָט זיך געלייענט:

### אַרבעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך!

און ביטרים, וואָס האָט ליב צו שרייבן לידער, האָט אָנגעשריבן אויף אַ פּלאַקאַט אַזאַ ליד:

## מאַי

מאַי, מאַי, מיין ערשטער מאַי,
ס'איז דיין רוף: קעמף! באַפריי!
אייביק יונג, אייביק ניי.
מאַי, מאַי, מיין ערשטער מאַי.

# פרנסה־געבער




וואָס דערציילן די בילדער?

שרייב אַן עטלעכע ווערטער וועגן יעדן איינעם פון זיי.

## געשפּילט זיך אָדער געלערנט?

— היינט וועלן מיר ניט לערנען, מיר וועלן זיך שפּילן, פאַרברענגען, — זאָגט צו אונדז דער לערער.

שפּילן זיך האָבן מיר ליב.

שרייבט דער לערער אָן אויפן טאָוול צוויי מאָל צו צען שורות, אָט אַזוי:

1.

1. אַ פייגעלע פליט.
2. ער איז אַן עמעסער מענטש.
3. טראָג אָפּ לייבלס בוך.
4. דער טאַטע לערנט אים שרייבן.
5. זי האָט עפּל אַ פולן זאַק.
6. אַ שאָלעכטץ פון אַן איי.
7. יעגער, שיס לייבן!
8. געננג, לאָז אָפּ!
9. זיי שפּילן אין פאַנדן.
10. פאַרהאַק ריגל און שלאָס.

2.

1. ער זינגט אַ סאָלאָ וויינענדיק.
2. ער האָט געקויפט אַ וואָגאָן ערד.
3. טוי בלייבט ניט ליגן לאַנג.
4. ער האָט אַ פּען דיק ווי מיין פינגער.
5. דער מאַן איז אַלט הונדערט יאָר.
6. מיין שוועסטער הינדע לערנט גוט.
7. אין צימער זיינען די ווענטלעך דינע.
8. דער פּאַפּאַ וועט ברענגען גוטע זאכן.
9. אין סאָוועט־רוסלאַנד וואוינט מיין פעטער.
10. אין בראָד לערנט מיין חבר.

— איר זעט, זאָגט ער, — אין די ערשטע צען זאַצן ליגן פאַרבאָרגן געשיר און אַנדערע קיכזאַכן. אין די צווייטע צען זאַצן ליגן פאַרבאָרגן צען פאַרשיידענע פייגל.

ווער פון אייך קען טרעפן די גרעסטע צאָל?

האָבן מיר געלייענט פאַמעלעך די זאַצן, זיך צוגעהערט צום קלאַנג פון די ווערטער, און כמעט דער גאַנצער קלאַס האָט געטראָפן אַלץ.

הון, אדלער, ענטלעך, סאַלאָוויי, טויב, | גלאָז, לעפל, שיסל, שערל, טעלער,
הינדעלע, גאַנער, ענדיק, סאָווע, פּאַווע. | קריגל, מעסער, טעפל, גאָפל, פאַן.

— איצט הערט ווייטער, — רעדט דער לערער און ער שמייכלט, — שרייבט אָן אַ וואָרט מיט פינף אותיות, נעמט אַרונטער צוויי אותיות, און עס זאָל נאָך אַלץ בלייבן אַכט.

האָבן מיר געקלערט און געקלערט און אַ סך האָבן טאקע געטראָפן דעם ענטפער.

— און איצט וועל איך אייך פרעגן עטלעכע רעטענישן. הערט, טראַכט און טרעפט.

א

וואָס האָט אַ קאָפּ
און קען ניט קלערן ?
וואָס האָט אַן אויער
און קען ניט הערן ?

ב

וואָס האָט פיס
און קען ניט גיין ?
וואָס האָט אַ מויל
און ניט קיין ציין ?

ג

וואָס האָט פליגל
און קען ניט פליען ?
וואָס האָט פיס
און קען ניט קניען ?

ד

וואָס האָט פעדערן
און איז ניט קיין פויגל ?
וואָס האָט לעבער
און איז ניט קיין בייגל ?

ה

וואָס האָט בלעטער
און איז ניט קיין בוך ?
וואָס דעקט צו
און איז ניט קיין טוך ?

— נו, זאָל זיין גענוג זיך שפּילן, — האָט דער לערער געזאָגט צום סוף, און געקוקט אויף אונדז מיט גוטע אויגן.

— לערער, — האָט דער שטילער מאָרי געזאָגט, — מיר האָבן דאָך גאָר געלערנט די גאנצע צייט.

דער לערער האָט זיך צעלאַכט און דער גאַנצער קלאַס האָט אים פריילעך אַרומגערינגלט.



# אַ גוטמאָרגן־מעשה

## א

פרימאָרגן. די זון שיינט און וואַרעמט. אַ ווייך, פריש ווינטל בלאָזט מחיהדיק (מעכאַיעדיק). אַלע זיינען לאַנג שוין וואַך. בלויז יינגעלע איז נאָך פאַרטיפט אין שלאָף, און זיין מאַמע גרייט אַלצדינג צו פאַר אים ווען ער וועט אויפשטיין.

גייט מאַמע אַוועק צום ברונעם, וואָס שטייט אין מיטן הויף און זי זאָגט: גוטער ברונעם, וועסטו מיר געבן קלאָר וואַסער אָפּצוואַשן מיין יינגעלע ווען ער וועט אויפשטיין?

— אַוואַדע! — האָט דער ברונעם געענטפערט.

דער ברונעם, דער ברונעם, וואָס אין מיטן הויף שטייט, —
געבן פאַר מיין יינגעלע וואַסער איז גרייט.

## ב

גייט מאַמע צו דעם קיעלע, וואָס האָט זיך אין פעלד געפּאַשעט און זי זאָגט: גוט קיעלע, דער ברונעם גיט מיר קלאָר וואַסער מיין יינגעלע אָפּצוואַשן ווען ער וועט אויפשטיין, וועסטו אים געבן וואַרעמע געשמאַקע מילעך?

— אַוואַדע! — האָט קיעלע געענטפערט.

דער ברונעם, דער ברונעם, וואָס אין מיטן הויף שטייט, —
געבן פאַר מיין יינגעלע וואַסער איז גרייט.
קיעלע, קיעלע, וואָס צופּט אין פעלד גראָז, —
געבן וועט מיין יינגעלע מילעך אַ גלאָז.





ג

גייט מאַמע צו הינדעלע־קוואָקע, וואָס האָט זיך גע־
שאַרט אין היי און זי זאָגט: גוט הינדעלע, דער ברונעם
גיט מיר קלאָר וואַסער מיין ייִנגעלע אָפּצוואַשן ווען ער
וועט אויפשטיין; דאָס קיעלע גיט אים וואַרעמע, גע־
שמאַקע מילעך, וועסטו אים געבן אַ פריש לויטער
אייעלע?

— אַוואַדע! — האָט הינדעלע געענטפערט.

דער ברונעם, דער ברונעם, וואָס אין מיטן הויף שטייט, —
געבן פאַר מיין ייִנגעלע וואַסער איז גרייט.
קיעלע, קיעלע, וואָס צופּט אין פעלד גראָז, —
געבן וועט מיין ייִנגעלע מילעך אַ גלאָז.
און הינדעלע־קוואָקע, וואָס שאַרט דאָרט אין היי, —
געבן וועט מיין ייִנגעלע אַ פרישינקע איי.

ד

גייט מאַמע אַוועק אין סאָד צום עפּלבוים און זי
זאָגט: גוטער עפּלבוים, דער ברונעם גיט מיר קלאָר
וואַסער מיין ייִנגעלע אָפּצוואַשן, ווען ער וועט אויפ־
שטיין; קיעלע גיט אים וואַרעמע, געשמאַקע מילעך;
הינדעלע־קוואָקע גיט אים אַ פריש, לויטער אייעלע,
וועסטו אים געבן אַ זאַפטיק־רויטן עפּל?







— אַוואַדע ! — האָט דער עפּלבוים געענטפערט.

דער ברונעם, דער ברונעם, וואָס אין מיטן הויף שטייט, —
געבן פאַר מיין יינגעלע וואַסער איז גרייט.
קיעלע, קיעלע, וואָס צופּט אין פעלד גראָז, —
געבן וועט מיין יינגעלע מילעך אַ גלאָז.
און הינדעלע־קוואָקע, וואָס שאַרט דאָרט אין היי, —
געבן וועט מיין יינגעלע אַ פרישינקע איי.
דער עפּלבוים, עפּלבוים, וואָס שטייט ביי דעם פּלויט, —
געבן וועט מיין יינגעלע אַן עפּעלע רויט.

ה

צום סוף גייט די מאַמע אַוועק אין וואַלד צו אַ הויך, שלאַנק ביימעלע און זי זאָגט: גוט ביימעלע, דער ברונעם גיט מיר קלאָר וואַסער מיין יינגעלע אָפּצוואַשן, ווען ער וועט אויפשטיין; דאָס קיעלע גיט אים וואַרעמע, געשמאַקע מילעך; הינדעלע־קוואָקע גיט אים אַ פריש, לויטער איעלע; דער עפּלבוים גיט אים אַ זאַפטיק־רויטן עפּל, וועסטו מיר געבן האָליז אָפּצוקאָכן עסן פאַר מיין יינגעלע, ווען ער וועט אויפשטיין ?

— אַוואַדע ! — האָט דאָס ביימעלע געענטפערט.

האָט מאַמע גענומען ד אָ ס וואַסער, ד י מילעך, ד אָ ס אייעלע, ד אָ ס טעפּל און ד אָ ס האָלץ און זיך

געשווינד געלאָזט אַהיים. יינגעלע האָט דערהערט זיך אויפ־
געוואַכט, זיך אויסגעצויגן לעבן פענצטער און אַלע־
מען געזאָגט:

— גוט מאָרגן!

און אַז מאַמע האָט אים אַ וואַכעדיקן דערזען, האָט זי
אים אַ קוש געטאָן, אָפּגעוואַשן, אָנגעטאָן די קליידער און
ווען זי האָט אים פאַרקעמט די הערעלעך, האָט זי אים
דערציילט אָט די גוט מאָרגן ־ מעשה:

דער ברונעם, דער ברונעם, וואָס אין מיטן הויף שטייט, —
געבן פאַר מיין יינגעלע וואַסער איז גרייט.
קיעלע, קיעלע, וואָס צופּט אין פעלד גראָז, —
געבן וועט מיין יינגעלע מילעך אַ גלאָז.
און הינדעלע־קוואָקע, וואָס שאַרט דאָרט אין היי, —
געבן וועט מיין יינגעלע אַ פרישינקע איי.
דער עפּלבוים, עפּלבוים, וואָס שטייט ביי דעם פּלויט, —
געבן וועט מיין יינגעלע אַן עפּעלע־רויט.
דאָס ביימעלע אין וואַלד, וואָס וואַקסט הויך און שטאַלץ, —
וועט געבן צו קאָכן פאַר יינגעלען האָלץ.
אַ גוט מאָרגן!

לויט יודאָרא באַסמעד.



## פיל אויס די ליידיקע ערטער מיט ווערטער וואס גראמען זיך.

1. יונג און נים אַלט,
היים איז נים ______
2. פרי איז נים שפּעט,
דאָר איז נים ______
3. לינק איז נים רעכט,
גוט איז נים ______
4. גרויס איז נים קליין,
יאָ איז נים ______
5. מאָס איז נים וואָג,
נאַכט איז נים ______
6. ליג איז נים שטיי,
זיץ איז נים ______
7. זים איז נים זויער,
פרייד איז נים ______
8. שנייד איז נים רייס,
שוואַרץ איז נים ______
9. וואַסער איז נים פייער,
ביליק איז נים ______
10. קוימיק איז נים ציכטיק,
פינצטער איז נים ______
11. וויינען איז נים לאַכן,
שלאָפן איז נים ______
12. גראָד איז נים אום,
גלייך איז נים ______

### ווי אַזוי באַוועגן זיי זיך?

א פויגל ______
א וועווערקע ______
א מאַלפּע ______
א מענטש ______
א קראָקאָדיל ______
אַן אייזל ______
א שלאַנג ______
א פיש ______
א בער ______
א וואָרעם ______
א גאַנדז ______
א זשאַבע ______
א פערד ______
א קו ______

### וואָס איז דער קאָליר?

שרייב אָן די קאָלירן און פאַרב אויס די קעסטעלעך.

בלעטער ______
קאַרשן ______
רויזן ______
שניי ______
טינט ______
הימל ______
מאַראַנצן ______
לימענעס ______
קעז ______
ברויט ______
מילך ______
פּוטער ______
גראָז ______

שווימט, גייט, קלעטערט, קריכט,
שפּרינגט, לויפט, פליט.

גרין, געל, בלוי, שוואַרץ, ווייס,
רויט, גרוי.

## אַנפראַגע

ווי הייסטו? ____________

וואו וואוינסטו? ____________

ווי הייסט דיין טאַטע? ____________

ווי הייסט דיין מאַמע? ____________

וואָס טוט דיין טאַטע? ____________

וויפל ברידער האָסטו? ______ ווי הייסן זיי? ______

וויפל שוועסטער האָסטו? ______ ווי הייסן זיי? ______

ווי אַלט ביסטו? ______ וויפל וועגסטו? ______

ווי הויך ביסטו? ____________

וואָס האָסטו צום בעסטן ליב צו שפּילן? (ספּאָרט)______

וואָס האָסטו צום בעסטן ליב צו לערנען? ____________

שפּילסטו אויף אַן אינסטרומענט? ____ אויף וועלכן? ____

וועלכע ביכער זיינען פאַראַן ביי דיר אין דער היים?

וועלכע יידישע ביכער? ____________

וועלכע ענגלישע ביכער? ____________

וועלכע יידישע צייטונגען לייענט מען ביי דיר אין דער היים? ____________

וועלכע ענגלישע? ____________

## אַ הויזגעזינד

אַ טיש, אַ טישטעך. אַ לעבל ברויט.
גאָפּל. מעסער. אַ הייפּטל קרויט.

אַ מאַן. אַ פרוי. אַ זון. אַ קינד.
אַ וונטברויט. אַ הויזגעזינד.

ארבעט. מי. אַ גאַנצן טאָג.
איצטער רו פון זאָרג און יאָג.

אלף כץ.



## וואו נעמט מען ברויט?

איין מאָל פרעגט דער לערער ביי שימעלען:

— שימעלע, וואו נעמט מען ברויט?

— ביים בעקער.

— און דער בעקער וואו נעמט?

— איך ווייס ניט.

— הער, שימעלע, וועל איך דיר דערציילן: איין מאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז ארויסגעגאַנגען אַ פויער אויפן פעלד און צעגראָבן די ערד. גענומען קערנדלעך אַ פולע האַנט, געזייט און געזאָגט:

זיי, פאַרזיי מזל (מאַזל), גליק.
מאַמע נעמט, גיט צוריק.

זיינען אַרויסגעגאַנגען קליינע קינדערלעך און געזונגען:

גאָט, גאָט, גיב אַ רעגן,
פון די קליינע קינדערס וועגן.

איז באַלד געוואָרן וואָלקנדיק, און אַ ליבער רעגן איז געגאַנגען און אָנגעטרונקען די ערד.

זיינען אַרויסגעוואַקסן פון דער ערד שיינע, הויכע, גילדערנע זאַנגען. איז אַרויסגעגאַנגען דער פויער מיט אַ בלישטשענדיקן סערפּ, אַ פּאַך געטאָן מיטן סערפּ קעגן









דער זון, אַ קלונג געטאָן מיט אים אין אַ שטיין—אַ פונק, אַ בליץ! און דער פויער האָט גענומען שניידן די זאַנגען.

נאָך דעם, אַז די זאַנגען זיינען טרוקן געוואָרן, האָט ער גענומען אַ דרעשער, געקלאַפּט אין די זאַנגען און ארויס־געקלאַפּט פון שטרוי אַלע קערנדלעך.

האָט דער פויער צענויפגענומען אַלע קערנדלעך און זיי אַוועקגעפירט אין מיל אַריין. דאָרטן האָט דער מילנער זיי געמאָלן און געזונגען:

מילעכל, מילעכל! מאָל און מאָל!
גיב מיר, מילעכל, מעל אָן אַ צאָל.

האָט גענומען דער בעקער דאָס מעל, אַריינגעגאָסן וואסער, געקנאָטן, ביז ער האָט אויסגעקנאָטן דאָס טייג. ער האָט איינגעהייצט דעם אויוון, אריינגעזעצט די ברויטן אַהין און געזונגען:

ברויט אין אויוון, ברויט אין אויוון,
באַקט זיך דאָרט גוט אויס.
און פון דאָרטן, און פון דאָרטן
פּאַרטיק קומט ארויס!

איז שימעלען געפעלן געוואָרן דאָס מעשהלע, ער האָט זיך עס גוט אויסגעלערנט און אַלעמען דערציילט.

א. שטיינבאַרג.





# אויף רעדלעך

רעדלעך, רעדלעך רעדעלעך
אויף יעדן פוס צו פיר,
אויף שטעגן וועגן גלאַטינקע,
געפלאַסטערט בלויז פאַר מיר.

דאָס ערשטע רעדל — רעדל־ראַ,
דאָס צווייטע — רידל רוים,
דאָס דריטע — רעדלט רידל רי,
דאָס פערטע הערט מען קוים.

אַז הינטל־ווינטל לויפט געשווינט,
ווייסט יעדערער פון אייך.
דאָך קאָן עס קיין מאָל, קיין מאָל נישט
זיך יאָגן מיט מיר גלייך.

ווייל רעדל איינס מאַכט רידל־ראַ,
דאָס צווייטע — רידל רוים.
דאָס דריטע רעדלט רידל־רי,
דאָס פערטע הערט מען קוים.

נאָר פּלוצלונג — אוי, אַ ווייטיק מיר !
אַ טראַך אין דר'ערד אריין.
עס שפּריצן בלויז שטערנדלעך,
און איך — איך זע קיין שיין.

עס שווייגן מיינע רעדעלעך,
פאַרשטומט איז רידל רוים,
און איך דער גרויסער העלד —
איך ליג און ריר זיך קוים.

י. גויכבערג. מוזיק פון ה. וואלאַוויטש.



# אַ שטאַל



שטייט אַ שטאַל אין מיטן פעלד,
און אין שטאַל אַ קו,
— מו!
וויל זי עסן — מו!
וויל זי טרינקען — מו!
וויל זי קעלבל — מו!
ניט קיין אַנדער זאַך, נאָר — מו!
שטייט אין שטאַל אַ קו.



האָט די שטאַל אַ ביידעמל,
וואָרקעט אין דער הויך אַ טויב,
— קור!
וויל זי שלאָפן — קור!
וויל זי אויפשטיין — קור!
וויל זי פליען — קור!
ניט קיין אַנדער זאַך, נאָר — קור!
אויבן — קור, און אונטן — מו!
שטאַל און טויב און קו.



האָט דאָס ביידעמל אַ דאַך,
זיצט אַ פויגל ביי אַ נעסט,
— ציפּ!
וויל זי זיפצן — ציפּ!
וויל זי וויינען — ציפּ!
וויל זי זינגען — ציפּ!
ניט קיין אַנדער זאַך, נאָר — ציפּ!
ציפּ, און קור, און מו,
פויגל, טויב, און קו.

קומט די נאַכט אין מיטן פעלד,
שטייט די שטאַל אין מיטן נאַכט,
שטייט פאַרמאַכט און צו.
און דער פויגל וועקט זיך — ציפּ!
און די טויב, זי וואָרקעט — קור!
און די קו, די גרויסע קו,
אייביק מו, און מו, און מו!

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי

# ליליע און דזשאַסי

ליליע איז אַ בלאָנד יידיש מיידעלע, מיט בלויע אייגעלעך און גאָלדענע געלאָקטע הערעלעך. דזשאָסי איז אַ נעגערל, מיט ברענענדיקע, קלוגע, אייגעלעך.

ליליעס עלטערן זיינען קרעמער, שטענדיק פאַרנומע־נע מענטשן. דזשאָסיס מאַמע דינט ביי די ווייסע. די גאנצע הויזאַרבעט ליגט אין אירע הענט.

ליליע און דזשאָסי געפינען זיך שטענדיק צוזאַמען; וואוינען אין איין הויז, עסן ביי איין טיש, שפילן זיך מיט די זעלבע צאַצקעס און האָבן זיך ביידע ליב. ער טוט אַלץ, וואָס איר געפעלט, און זי האָט הנאה פון זיינע קונצן.

אין דער פרי, ווען ליליע שלאָפט נאָך, כאַפּט זיך שוין דזשאָסי אויף, שפרינגט אַראָפּ פון זיין געלעגער, טוט זיך אָן גיך, לויפט אַרויס אין הויף און נעמט בויען אַ „הויז״. ער קלייבט צונויף העלצלעך, ברעטלעך, שטיינדלעך, לייגט זיי אויס אין שורות (שורעס), נאָך דעם ברענגט ער אַ האַק און אַ האַמער און נעמט זיך צו דער אַרבעט. ער הובלט, האַקט און קלאַפּט. ער אַרבעט מיט חשק.

— וועט דאָס זיין אַ שטיבעלע! — טראַכט דזשאָסי אַרבעטנדיק. — ליליען וועט דאָס געפעלן..., און אַ פרייד צעגיסט זיך איבער זיין פּנים.

אַ זייגער אַכט כאַפּט זיך ליליע אויף.

נאָך ליגענדיק אין בעט נעמט זי שרייען און רופן די דינסט:

— בעסי! גיכער! טו מיך אָן, איך דאַרף זיך שפּילן. גיכער, בעסי, ס'ווערט שפּעט.

בעסי, די דינסט, לויפט לויפט אַריין. זי טוט אויף גיך אָן ליליען, וואַשט אָפּ איר פּנימל און גייט צוריק אין קיך מאַכן אָנבייסן פאַר ליליען.

— איך וויל איצט ניט עסן, — צעשרייט זיך ליליע. — שפּעטער וועל איך עסן מיט דזשאָסין אין איינעם.

ליליען לויפט ארויס אויפן הויף.

אויפן הויף וואַרט שוין אויף איר דזשאָסי. ער האָט נאָר וואָס געענדיקט בויען דאָס „שטיבעלע”. מיט פרייד באַגעגנט ער ליליען.

דאָס מיידעלע באַטראַכט דאָס שטיבעלע מיט באַוואונדערונג.

— ס'איז פאַר מיר ? ווי אַזוי האָסטו דאָס געמאַכט ? — פרעגט זי אים. — ס'איז אַזוי שיין...

— פאַר דיר, פאַר דיר, לילי ! — דערקלערט איר דזשאָסי און ווייזט מיט די הענטלעך אויף יעדער זאַך באַזונדער.

ליליע איז באַגייסטערט. — דזשאָסי, דו ביסט אַזאַ גוטער, אַלץ קענסטו ! — ליליע פּאַטשט מיט די הענטלעך און טאַנצט פאַר פרייד.

אַ גאַנצן טאָג שפּילן זיי זיך צוזאַמען. זיי עסן אין איילעניש אָפּ, און ווידער אויפן גאַס, באַקן זיך אונטער די הייסע שטראַלן פון דער וואַרעמער זון, לויפן אַרום, יאָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע, שפּילן אין פּילקע און דערציילן זיך מעשהלעך.

אָט אַזוי טאָג־איין, טאָג־אויס, האָדעווען זיך ביידע קינדערלעך : דאָס שוואַרצע יינגל און דאָס ווייסע מיידעלע. זיי ווייסן ניט פון זאָרג, שטענדיק פריילעך, פאַרטאָן און צופרידן.

י. לאַזאַרסאָן.

# אַ גוטער שכן

אַ מאָל אַ מאָל האָט אַ קעניג אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע ייִדן זאָלן פאַרטריבן ווערן פון לאַנד.

די ייִדן האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע היימען און זייער האָב־און גוטס אין אַ פּאָר טעג. זיי האָבן גאַרנישט געקאָנט מיטנעמען.

איינער, אַ ייִד, האָט געהאַט געלט און צירונג. איז ער אַוועק מיט דעם צו זיין שכן (שאָכן), אַ קריסט, און האָט אים געבעטן, ער זאָל עס באַהאַלטן, ביז ער וועט קענען צוריקקומען. דער קריסט האָט צוגעזאָגט צו היטן דעם ייִדנס פאַרמעגן, און דער ייִד איז אַוועק מיט אַלע פאַרטריבענע ייִדן אין אַן אַנדער לאַנד.

מיט יאָרן שפּעטער איז דער קעניג געשטאָרבן. דער נייער קעניג האָט דערלויבט די פאַרטריבענע ייִדן צוריקצוקומען אין זייער לאַנד.

דער ייִד, וואָס האָט איבערגעלאָזט זיין פאַרמעגן ביים שכן, איז אויך צוריקגעקומען מיט אַלע ייִדן. ווען ער איז געקומען צו די שכנים (שכיינים) האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער שכן, ביי וועמען ער האָט איבערגעלאָזט זיין פאַרמעגן, איז געוואָרן אַ גרויסער אָרעמאַן. ער וואוינט ערגעץ זייער ווייט אין אַ שטיבל הינטער דער שטאָט.

דעם ייִדן האָט זייער פאַרדראָסן, וואָס זיין פריינד איז געוואָרן אַן אָרעמאַן. איז ער אַוועק אים אויפזוכן און זען וואָס ער מאַכט.

ער האָט געפונען זיין פריינד אין אַ קאַלט, נידעריק שטיבל. דער פריינד איז געווען הונגעריק און האָט געציטערט פון קעלט. ווען דער ייִד האָט דערזען אַזאַ אָרעמקייט, האָט ער שוין ניט גע־וואָלט דערמאָנען וועגן זיין געלט און צירונג.

דער פריינד אָבער האָט באַלד געעפנט אַ קאַסטן און האָט געזאָגט:

— אָט איז דיין גאַנץ פאַרמעגן! איך האָב עס פאַר דיר אָפּגעהיט.

— וואָס? — האָט דער ייִד אויסגעשריען. — דו לעבסט אין אַזאַ אָרעמקייט און האָסט אַפילו ניט אָנגערירט מיין געלט?

— אַוואַדע ניט, — האָט דער פריינד געענטפערט. — דו האָסט עס מיר געטרויט, און איך האָב דיר צוגעזאָגט עס אָפּצוהיטן.

— דו ביסט אַ גוטער פריינד, — האָט געזאָגט דער ייִד. — מער וועסטו שוין ניט דאַרפן לעבן אין אַזאַ אָרעמקייט.

ער האָט אָפּגעגעבן אַ העלפט פון זיין פאַרמעגן צו דעם שכן, און זיי האָבן געלעבט אין פריינדשאַפט און ברידערלעכקייט.

א. שינדלער.

## העברעאישע ווערטער וואָס קומען אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַריין אין די לידער און מעשהלעך.

| | זייט | | זייט | | זייט | | זייט |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| חכם | 43 | מעשה | 59 | מתנות | 83 | פרנסה | 95 |
| כסדר | 43 | סך | 71 | עיקר | 83 | מחיה | 98 |
| סוף | 43 | מקח | 72 | שונאים | 84 | מזל | 104 |
| עצה | 48 | דאגה | 72 | חיות | 87 | חשק | 108 |
| אפשר | 48 | חבר | 74 | חברים | 89 | שכן | 110 |
| כעס | 49 | מורא | 75 | סעודה | 90 | שכנים | 110 |
| קרובים | 51 | גנב | 75 | אותיות | 94 | | |
| שבת | 56 | רב | 80 | | | | |

## עטלעכע באמערקונגען

**איך לערן זיך יידיש** איז באשטימט פאַרן 1טן לערניאָר.

דאָס ביכל איז אַזוי אויסגעשטעלט, אַז עס איז כמעט ניט נויטיק זיך אָפּצושטעלן באריכות אויף די מעטאָדישע אָנווייזונגען, ווי אַזוי צו באַנוצן דאָס ביכל. די לערער, וועלכע וועלן זיך באַקענען מיטן ביכל, וועלן גרינג אויפכאַפּן די טעכנישע מעטאָדע, וואָס ווערט דאָ אָנגעווענדט. איך וויל פון דעסטוועגן אָנווייזן אויף עטלעכע כללים, וואָס דאַרפן שטאַרק אָפּגעהיט ווערן.

א) דער לערער דאַרף אַלע מאָל האָבן ביי זיך אַלערליי קאָלירטע בלייפעדער אָדער קאָלירטע קרייד, „קרייאָנס”. דאָס קינד זאָל פריי און אומגעשטערט פאַרבן, שרייבן און אַריינקלעפּן אותיות און ווערטער אין ביכל. דאָס אויסשניידן פון אותיות פון דער יידישער ציימונג, זאָל אָנגעהאַלטן ווערן די גאַנצע צייט פון לערנען דעם אַלף־בית. דאָס אויספאַרבן יעדן מאָל פון אַ נייער גרופּע אותיות, זאָל זיין אין דעם זעלבן קאָליר, וואָס די אַנטקעגנדיקע (לינקס־צו) גרופּע אותיות. די איבונגען, טעסטן, וואָס קומען אויף די וויטערדיקע זייטלעך, זאָלן געטאָן ווערן אין ביכל.

ב) די אָנווייזונגען צו פאַרשיידענע אַרבעטן, וואָס ווערן אָנגעגעבן אויף די זייטלעך, דאַרפן פאַרגעלייענט ווערן פונעם לערער, כל זמן דאָס קינד קען נאָך ניט לייענען. די 9 זייטלעך מיט בילדער, וואָס אילוסטרירן די קלאַנגען און די טעסטן אויף זייט 19 און 24, דאַרפן פון קינד אויסגעפאַרבט ווערן אין עטלעכע קאָלירן, און זאָלן גרינדלעך אויסגענוצט ווערן פאַר שמועסן, זאַץ־בוי און אַפילו פאַר „לאָטאָ”־שפּיל.

ג) דער לערער דאַרף העלפן דעם קינד צונויפשטעלן אַ ווערטער־ביכל און ער דאַרף אים לערנען, ווי זיך צו באנוצן מיט דעם; ער דאַרף אַכטונג געבן, אַז דער תלמיד זאָל באשטענדיק אריינשרייבן די ניי־אויסגעלערנטע ווערטער, איבערהויפּט די שווערערע און די פאַר העברעאישע, וואָס קומען אַריין דאָ און דאָרט אין די לייען־טעקסטן.

ד) דער לערער זאָל שענקען אַ סך אויפמערקזאַמקייט אויף די שרייב־איבונגען (שיין־שרייבן), וואָס קומען פּאַראַלעל מיט די לייען־טעקסטן, נאָך יעדער נייער גרופּע קלאַנגען. דאָס זעלבע גילט אויך אויף די טעסטן, וואָס קומען לינקס־צו, נאָך יעדער לעקציע, דאָרט וואו עס וויזט אָן: מאַך אַ

שטריך, מאַך אַ רינגעלע. דאָס אַריינשרייבן לעבן יעדן טעקסט, וויפל דער תלמיד האָט ריכטיק אָדער ניט ריכטיק באַצייכנט ווערטער, זאָל געטאָן ווערן פון לערער מיט גרויס אויפזען.

ה) די אַרבעט־זייטלעך און אייניקע לייען־טעקסטן דאַרפן ניט אַלע מאָל געניצט ווערן לויטן סדר, ווי זיי זיינען אויסגעשטעלט אין ביכל. אַ סך פון די מעשהלעך און לידער זאָלן קאָלעקטיוו אינסצענירט און אויפגעשפּילט ווערן אין קלאַס.

ו) ביים אויסקלייבן דעם מאַטעריאַל האָב איך אין זינען געהאַט דעם פאַרשיידענעם, ניט גלייכן עלטער פון וועלכע די אָנפאַנגער־קלאַסן זיינען אָפט צוזאַמענגעשטעלט. זייער אָפט געפינען זיך דאָרטן קינדער אין עלטער פון ניין און צען יאָר, וואָס לייענען שוין פריי און זעלבסטשטענדיק אַ בוך פון עטלעכע הונדערט זייטן אין דער ענגלישער שפּראַך. דעריבער האָט דער מחבר פון דעם ביכל אַריינגענומען אַ צאָל לענגערע מעשות מיט אַ קאָמפּליצירטערן אינהאַלט. אייניקע לידער און מעשות זיינען אַריינגענומען געוואָרן צוליב זייער לעקסיק־ווערט און צוליב זייער יידישער און סאָציאַלער טעמאַטיק. די לידער, וואָס האָבן דערביי די מוזיק, זאָלן אויסגענוצט ווערן פאַר קלאַס־געזאַנג.

ז) אַ חוץ די לייען־טעקסטן און אַרבעט־זייטלעך, וואָס איך האָב אַליין געשאַפן און באַאַרבעט, זיינען אין דעם ביכל אַריינגענומען געוואָרן לידער און מעשהלעך פון עטלעכע און צוואַנציק שרייבער און אַ צאָל גוט באַקאַנטע מעשהלעך פון דער טעקסבוך ליטעראַטור. צוליב באַקוועמלעכקייט האָב איך די נעמען פון די מחברים געשטעלט צום סוף פון יעדן טעקסט. אַלע לידער, מעשהלעך און טעקסטן לעבן וועלכע עס ווערט ניט אָנגעגעבן דער קוואַל אָדער דער נאָמען פונעם מחבר, באַלאַנגען צו דעם צונויפשטעלער פונעם ביכל. די מערסטע פון זיי זיינען געווען געדרוקט אין קינדער זשורנאַל, קינדערוועלט און קינדערצייטונג אונטער די נעמען י. קאַמינסקי, י. בלומען, ק. בענון, רב שיע, י. ק. און ק. א. מינסקי. דאָס מעשהלע בעני מיט דער פעני באַלאַנגט צו לעאָן עלבע.

איך וויל אויסדריקן אַ דאַנק דעם אַרבעטער רינג, וואָס האָט דורך זיין נאַציאָנאַלן בילדונגס־קאָמיטעט מעגלעך געמאַכט, אַז דאָס ביכל זאָל אַרויסגיין, און ניט געשפּאָרט קיין געלט, אַז עס זאָל אַרויסקומען שיין און אָנציענד פאַרן קינד.

אַ באַזונדערן האַרציקן דאַנק קומט דעם בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער רינג, פריינד נ. כאַנין, וואָס האָט מיר די גאַנצע צייט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל וואַרעמע און אויפריכטיקע קאָאָפּעראַציע.

איך בין שולדיק אַ דאַנק די חברים לערער, ת. בערנשטיין, א. הגלילי און מ. וולאַדקאָווסקי פאַר איבערקוקן דעם מאַנוסקריפּט און פאַר די וויכטיקע אָנווייזונגען און פּראַקטישע באַמערקונגען.

פאַר דער פיינער דרוקאַרבעט קומט אַ דאַנק דער פיוטוראַ דרוקעריי, די אַרבעטער, וואָס האָבן אויפגעגעבן אַ סך צייט און מי, אַז דאָס ביכל זאָל אַרויסקומען אַזוי שיין און קלאָר, און דער עיקר דעם פריינט ה. מילשטיין, פאַר זיין געדולד און ליבשאַפט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אין דער זייער טעכניש־קאָמפּליצירטער אויסשטעלונג פון בוך.

י. קאַמינסקי.